יאַמטשיק, אָדער ווי דו רופסט איהם אָן, דער „אָדעסער שאַרלאַטאַן". און דער „אָדעסער שאַרלאַטאַן" איז, אויב דו ווילסט וויסען, אַ סך פיינער פון דיין „גוטען פריינד", האָטש ער איז אַ שאַרלאַטאַן. ווארום ווען נישט ער, וואָלט איך נישט געוואוסט, אַז דו האָסט דאָ שפּיאָנען אין מאַריענבאַד מיט „גוטע פריינד", וואָס היטען מיר די טריט. אַ גליק, וואָס דיינע בריוולעך זענען האָטש נישט אַריינגעפאַלען צו דער יאַמאיטשיכע אין די הענד אַריין. די גאַנצע וואַרשאָווער נאַלעווקיס וואָלטען שוין געוואוסט דיינע סודות, וואָס דו פערטרויסט צו דיינע „גוטע פריינד", וואָס זענען גרייט דיך צו קויפען און צו פערקויפען, און דו ביסט אין זיי פערגלויבט, ווי אין גאָט. אַז ס'איז יאָ אַזוי, בעדאַרף איך דיר עפּענען די אויגען, שלמה, זאָלסט וויסען, וועמען מע מעג פערטרויען און וועמען נישט. איך שיק דיר דאָ אַ פּאָר בריוולעך פון דיין „גוטען פריינד", וואָס זענען געווען געשריבען צו מיר באַלד נאָך מיין אָנקומען אהער קיין מאַריענבאַד. לייען אַקאָרשט איבער אָט די צעטעלעך — וועסט דו הנאה האָבען. איך פערהאָף, אַז נאָך אַזאַ מעשה וועסט דו צו איהם מעהר קיין בריוולעך נישט שרייבען, קיין סודות נישט פערטרויען און מיך וועסט דו אויפהערען עסען, למאי איך קען זיך מיט אָדעסער שאַרלאַטאַנעס, מיט קעשענעוועער שלים מזל'ן, מיט לאָדזער פאַצעטלעך און נאָך אַזעלכע זאַכען. ווארום דיין בעל-סוד, חיים סאַראָקער, איז, אויב דו ווילסט וויסען, טויזענט מאָל ערגער פון זיין שוואָגער מאַריאַמטשיק, האָטש ער איז אַ שאַרלאַטאַן און האָט זיך מיר צוגעגעסען מיט זיינע בריוולעך אַזוי וויט, אַז איך האָב איהם געמוזט בעטען, ער זאָל זיך נישט דערוועגען מעהר מיר שרייבען אַזעלכע בריוולעך, ווארום איך וועל זיי אַריבערשיקען צו זיין חנצי'ן. איך שיק זיי דיר דאָ איינאיינעם מיט חיים סאַראָקער'ס בריוולעך, בכדי זאָלסט זעהן, אַז דער רוח האָט זיי ביידען נישט גענומען, אַז דו בעדאַרפסט נישט האָבען דאָ קיין אפּוטרופּסים, קיין שפּיאָנען און קיין שיצער'ס. איך קאָן מיט גאָט'ס הילף מיין שטעדטעל אַליין בעשטעהן. למשל, נעם אָט די צוויי שלים-מזל'ן, וואָס זענען געפאָהרען מיט מיר פון בערלין און אָבגעזעגענט זיך אין מאַריענבאַד אויפ'ן באַנהויף. דו מיינסט אפשר, אַז איך האָב מיך נישט בעגעגענט מיט זיי נאָכדעם דאָ אין מאַריענבאַד? אַזאַ מכה זיי. איצטער זענען זיי שוין נישטאָ. נאָר די ערשטע צייט האָבען זיי זיך מיר געפּלאָנטערט פאַר די אויגען. פערשטעהט זיך, אַז איך האָב מיך אָבגעקעהרט פון זיי,

געמאַכט ווי איך האָט זיי נישט דערקענט... מיינסט דו דאָך, אַז זיי זענען בדלות? האָב קיין יסורים נישט, זיי האָבען זיך נישט אַרומגע־דרעהט דאָ אַליין, פאַרהאַן דאָ געניג דאַמען מיט געניג ווײַבלעך, ס'איז פאַרהאַן אַ בראָני לויפערמאַן מיט אַ לאה'צי ברױכשטוהל, מיט אַ שערענציס מיט אַ פעקעליס און נאָך אַזעלכע צנועות, וואָס קליי־בען נישט איבער, אַבי אַ יונגערמאַן, וואָס טראָגט אַ קאַפעליוש, איז שוין ביי זיי אַ קאַוואַליער. ובפרט אַזעלכע קאַוואַליערען, ווי אָט די צוויי שלים-מזל'ן, פערשלעפּטע קרענק, וואָס מע קריגט זיי נישט. איינער פון זיי, דער, וואָס האָט מיך אַ קוש געגעבען און געחאַפּט פון מיר אַ פּאַטש, דערצעהלט אַנעקדאָטען, אַז מע קאָן שטאַרבען אונטער זיינע הענט, און דער אַנדערער זינגט לידלעך — אַ כפּרה אונ־זער עליזעאום-טעאַטער! קאָנסט פערשטעהן, אַז אַפילו יאַמאַיטשיכע האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָט זיי געמאַכט חנ'דלעך ביי'ם ברונען און האָט זיי דאָרט בעקאַנט געמאַכט מיט איהרע טעכ־טער. ערשט שפּעטער איז זי געוואויר געוואָרען פונ'ם שדכן, אַז די שלים-מזל'ן האָבען ווײַבער, האָט זי זיי געגעבען דעם וועג. אַי, ווערסט דו פרעגען, פאַר וואָס האָבען זיי באַלד נישט געזאָגט, אַז זיי זענען בעווײַבטע? למאי מאַריאַמטשיק? און למאי דיין בעל-סוד חיים סאַראָ־קער? ער איז דאָך שוין אודאי אַ בעווײַבטער, און האָט שוין גאָר קינדער כמעט אַזעלכע ווי איך, ווי קומט דאָס צו איהם, ער זאָל שרייבען אַזעלכע ליבע-צעטעלעך, און צו וועמען? צו זיין גוטען פריינד'ס ווייב, וואָס איז איהם אָנגעטרויעט געוואָרען, ער זאָל אויף איהר אַכטונג געבען!... גלויב מיר, שלמה, וואָס איך האָב אויסגעוויינט נעכטיגען טאָג, מעגען די טרערען פאַלען אין ים אַריין. אַז איך דערמאָן מיך, צו וואָס האָב איך בעדאַרפט נעהמען אַ מאַן אַ גביר? וואָלט דען נישט גלייכער געווען, איך זאָל געווען נעהמען מיין גלייכען? אַי, איך וואָלט אַצינד נישט געווען אפשר אין מאַריענבאַד? אַ שענע ריינע כפרה! בסך הכל האָט מיר דאָס מאַריענבאַד, אויב דו ווילסט וויסען, נישט גע־געגעבען גאָרנישט. אדרבה, זינט איך בין דאָ, האָב איך נאָך פער־לוירען העכער צוויי פונט. איך האָב געפרעגט דעם דאָקטאָר, וואָס טוט מען דערצו, זאָגט ער: „מעהר עסען, ווינציגער שפּאַצירען און דער עיקר נישט אָבעסען זיך דאָס האַרץ, נישט האָבען קיין יסורים". אַ חכם אַ דאָקטאָר! דאָס ווייס מען דאָך אָהן איהם. איך פרעג איהם: אפשר וואָלט פאַר מיר גלייכער געווען, איך זאָל פאָהרען קיין פראַנ־

צענסבאַד? זאָגט ער, אַז ער האָט קעגען דעם גאָרנישט. וויבאַלד אַזוי, פאַרוואָס זאָל איך מיר נישט דורכפאָהרען קיין פראַנצענסבאַד? מען זאָגט, אַז פראַנצענסבאַד איז פון דאַנען אַ געלעכטער. פראַנצענס-באַד איז אַ באָד פון סאַמע פרויענצימערס. און עס קאָסט דאָרט, זאָגט מען, אַלסדינג וואָלוויל, בזיל הזול. בראָני לויפערמאַן קלויבט זיך שוין לאַנג קיין פראַנצענסבאַד, און לאה'צי ברוילשטוהל אויך אַהין. און די שערענצים מיט דער פעקעלים וועלען, מסתמא, אויך באַלשלעפען זיך. זיי טוען מיר נאָך. וואוהין איך געה, געהען זיי אויך און וואָס איך טו אָן געפעלט זיי. זייערע מאַנען, די איטשע-מאַיערס, זאָלען זעהען, ווי זייערע ווייבלעך פיהרען זיך אויף דאָ אין מאַריענבאַד, וואָלטען זיי זיך מחיה געווען. נאָר איך וויל מיך נישט מישען אין פרעמדע געשעפטען. איך האָב מיינע אייגענע צרות מיט מיינע אייגענע שלעק. איך זאָל געוועזן וויסען, אַז איך וועל האָבען אַזאַ קור אין מאַריענבאַד, וואָלט איך אַהער נישט געפאָהרען פאַר קיין געלד. איך וואָלט נישט צוגעהערט זיך צו מיין קרובה און וואָלט בעסער געפאָהרען קיין וויסבאַדען אָדער קיין אָסטענדע. דאָרט איז חאָטש פאַרהאַן אַ ים און מע קאָן זיך באָדען. און דאָ וואָס? מע ווערט פערברענט פון די היצען און בערעדט פון נאַלעוועקער ווייבער, און איבער וועמען? איבעם דיר מיט דיינע „גוטע פריינד", וואָס דו ביסט אין זיי פערגלויבט, ווי אין אַ רבי'ן. נאָכדעם ווי דו וועסט האָבען דורכגעלייענט זיינע „ליבעצעטעלעך" צו מיר, וועסט דו, האָפענטליך, אַרויסזעהען, ווער חיים סאַראָקער איז און וועסט איהם אויפהערען שרייבען בריוולעך און האַלטען איהם פאַר אַ בעל-סוד. און אַז דו וועסט מיר וועלען שיקען געלד, איז דאָ אַ פאָסט. און וואָס דו שרייבסט מיר וועגען מיינע פעטערס, זאָל דיך גאָט היטען זיי געבען שטעלעס, ווארום טאָמער מאַכט זיך נאָכדעם עפּעס נישט אַזוי, וועסט דו האָבען וואָס מיר אויפצוּוואַרפען, אַז איך און מיין משפחה צעטראָגען דיר די ביינער. גיב זיי בעסער צושטייער אויף דער הוצאה, לאָזען זיי אַוועקפאָהרען קיין אַמעריקאַ, וועסט דו וויסען, אַז דו ביסט פטור געוואָרען איינמאָל פאַר אַלע מאָל און איין עק. און איך בעט דיך זאָלסט מיר נישט שיקען מעהר קיין אָנווייזונגען צו דיינע „גוטע פריינד" און „בעלי-סודות". און למעה"ש גיב אכטונג אין שטוב און זאָג שבע-רחל'ען, זי זאָל זיך נישט חאַ-

פען שטעלען אונגערקעס אויפ'ן ווינטער אצינד אין די היצען, ווען אונגערקעס זענען מיט גאָלד גלייך. און שרייב מיר, אויב ס'איז אין וואַרשא אויך אַזוי היים ווי דאָ, וואָס מע קאָן זיך אפילו נישט אָנטאָן ארויסצוגעהן ווי עס געהער צו זיין. איך זאָל שוין דערלעבען אַוועק־צופאָהרען פון דאַנען געזונטערהייט ערגיץ אין איין אַנדער קוראָרט. דאָס מאַריענבאַד מיט די נאַלעווקער קאַוואַליערען מיט זייערע ליבע־צעטעלעך האָבען זיך מיר שוין אַזוי צוגעגעסען, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען פאַר די רעד, אַז איך קאָן שוין אויף זיי נישט קוקען.

פון מיר דיין פרוי

בעלצי קורלענדער.

---

№ 28.

## חיים סאַראָקער פון מאַריענבאַד צו בעלצי קורלענדער אין מאַריענבאַד.

זעהר געעהרטע מאַדאַם!

איך בין נישט גאָטס סטראַפּטשע, איך זאָל אַכטונג געבען אויף פרעמדע ווייבלעך און אויסזוצען יענעמס פעהלערען. דאָך קאָן איך מיך נישט איינהאַלטען, נאָך אייער נעכטיגען קאַלטען אויפנעהמען מיך, און מוז אייך אויפקלעהרען ווער דער פאַרשוין איז, מיט וועל־כען איך האָב אייך נעכטען געטראָפען. אפשר ווייסט איהר נישט, ווער ער איז, עס איז מיר אפילו זעהר נישט אַנגענעהם צו בערעדען איין אייגענעם — ער איז מיינער אַ שוואָגער, — נאָר ווייל ער איז מיר אַ שוואָגער, דעריבער קאָן אונך איהם אַזוי גוט. עס איז איינפאַך אַ שאַנדע מיט איהם זיך צו בעגעגענען, און ווער שמועסט נאָך שפּאַצירען אויף דער גאַס. אַ חוץ, וואָס ער האָט אַ מיאוס'ען נאָמען נאָך פון אַדעס, איז ער דערצו נאָך אַ ווילדער בעריהמער און אַ מסוכנ'ענער סקאַנדאַליסט. איך שרייב אייך די דאָזיגע ווערטער נאָר, אום צו בעהי־טען אייער עהרע און דעם כבוד פון אייער מאַן, וואָס איז מיר נאָ־הענט, ווי מיין אייגענער כבוד. איך האָב געטאָן מיין חוב, נאָר אום

פערזענליכע סימפאטיע צו אייך. איהר קומט פון בערלין, קעהרט איהר אודאי דארפען געלד? איך און מיין קאסע זענען תמיד אנגעברייט פאר אייך.

א פריינד פון אייער מאן

ח. ס.

---

№ 29.

## מאיר'ל מאריאמטשיק פון מאריענבאד צו בעלצי קורלענדער אין מאריענבאד.

מיין ליעבע מאדאם קורלענדער!

איך זעה, אז איהר איזבעגאיעט מיך, דעריבער מוז איך מיך אבראשטשאיען צו אייך דורך דער פאסט. איך פערשטעה נישט, וואס סטעסניאיעט איהר זיך אזוי? אויב עס איז אייך נישט לאווקע צו חסטרעטשאיען זיך מיט מיר אינ'ם יודישען רעסטאראן, אדער אין קאפע „ענגערלענדער", קומט בעסער אין „קאפע פראנסע". דארט, וואו איהר זענט געווען נא דניאך מיט אייער ראדסטווענניצע מאדאם טשאפ-ביק. בעסער וואלט געווען, איהר זאלט היינט קומען אהין אליין. איך האב אייך צו סאאבשטשאיען א פיינע זאך פון מיין שוואגער חיים סא-ראקער... קסטאטי, וואס פאר א סעקרעט האט ער דאס מיט אייך היינט גערעדט ביים ברונען? ניעאוזשעלי וועט איהר דאפוסקאיען, אז אזא ראסטאווטשיק, ווי מיין שוואגער, זאל נאך אייך אוחאזשעווען? פון וואס וועט ער מיט אייך רעדען? פון דער „אקע", וואס ער שפיעלט דא גאנצע טעג און גאנצע נעכט? אדער פון די וועכסעלעך מיט די בעשעפטלעך אויף די נאלעווקים?... איך אזשידאיע אייך צווישען פיער און פינף.

דא פריאטנאווא סווידאניא

מ. מ.

---

## № 30.

### חיים סאַראָקער פון מאַריענבאַד צו בעלצי׳ קורלענדער אין מאַריענבאַד.

געעהרטע מאַדאַם!

איך פערשטעה נישט, וואָס האָט איהר געדאַרפט שיקען צו מיר אַ שליח? אַז איהר בעדאַרפט געלד, האָט איהר דאָך געקאָנט זאָגען מיר אַליין נעכטען אין רעסטאָראַן. איך האָב אייך געזאָגט, נאָך באַלד ווי איהר זענט אָנגעקומען קיין מאַריענבאַד, אַז מיין קאַסע איז פאַר אייך אָפען שטענדיג און צו יעדער צייט. נאָר אויב ס'איז אייך נישט איינגענעהמען קומען צו מיר, קאָן איך קומען צו אייך. איך וועל פון אייערטוועגען מיין טרחה נישט זשאַלעווען, ערשטענס צוליעב אייער מאַן און צווייטענס טאַקי צוליעב אייך אַליין... איך וואָלט אייך געשיקט טאַקי באַלד דורך אייער שליח. איז ערשטענס דאַרף איך זיין אין באַנק וועקסלען רוסישע קערבלעך. און צווייטענס ווילט זיך מיר אייך געבען אין האַנד אַריין, איך וויל אייך דינען מיט וואָס נאָר מעגליך... וואָס קומט מיר דערפאַר?... פונקט עלף אַ זייגער וועל איך זיין ביי'ם ברונען, און אַז נישט איז האַלב צוועלף אין „מיראַמאָנט". בעסער וואָלט געוועזען אין „מיראַמאָנט". דאָרט וואָלטען מיר געקאָנט רעדען אונטער פיער אויגען. איך האָב אייך איבערצוגעבען וועגען אייער מאַן זעהר אַ אינטערעסנע זאַך... און איך וויל אייך פאָרלעגען איין אַנדער סטאַנציע, טאַקי פון אייער טובה וועגען... מיר געפעלט נישט אייער סטאַנציע. איך זאָל האָבען די ברכות, וואָס אין מיין האָטעל וועט אייך זיין בעסער און קאָסטען ביליגער, און פרעהליכער אויך. מיר זענען דאָ אַ קאָמפּאַניע פון אייגענע מענשען. מיר פערברענגען די צייט זעהר געמיטליך, און אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו טאָן, מאַכען מיר אַ קערטעל. צום מיינסטען איין „אָקע". אייער מאַן האָט דאָס אויך נישט פיינט. נו, און איהר?

אַלזאָ, פון עלף ביז האַלב צוועלף.

מיט פריינדליכען גרוס

חיים ס.

## № 31.

## מאיר׳ל מאַריאַמטשיִק פון מאַריעֶנבּאַד צו בּעֶלצי קורלעֶנדעֶר אִין מאַריעֶנבּאַד.

קאַק וואַס נעֶ סטיִדנאָ? איִך בּיִן אָבּגעֶזעֶסעֶן צוויי שעה אִין „קאַפּעֶ פּראַנסעֶ“ און אַרויסגעֶקוקט אויף אײַך, טאָמעֶר קומט איִהר. צום סוף, — נאַפּראַסנאָ! ווי אִיז מעֶן דאָס אַזוי זשעֶסטאָקעֶ? איִהר האָט פּעֶרגעֶסעֶן, אַז נאָך דעֶר ווסטרעֶטשאַ, וואָס איִך האָבּ אײַך ווסטרעֶטשאַיעֶט אויפ׳ן וואָגזאַל, האָט איִהר מיִר אַליין געֶזאָגט, אַז איִהר ווייסט ניִשט, מיִט וואָס איִהר קאָנט מיִר אָדבּלאַגאָדאַרעֶן? איִצט, אַז איִך בּעֶט פון אײַך אַזאַ פּוסטיאַק, אָטקאַזעֶוועֶט איִהר מיִר! איִך געֶבּ אײַך טשעֶסטנאָיעֶ סלאָוועֶ, אַז איִך וועֶל אײַך זעֶהן געֶהן מיִט מײַן שוואָגעֶר סאַראָקעֶר, וועֶל איִך זיִך מאַכעֶן, אַז איִך זעֶה ניִשט. האָטש ס׳איִז מיִר זעֶהר בּאָלנעֶ. עֶר איִז דאָך מײַנעֶר אַ בּליִזקי ראָדסטווענִיק. נאָר איִהר וואָלט וויִסעֶן דאָס, וואָס איִך ווייס — וואָלט איִהר זיִך מיִט איִהם מעֶהר ניִשט ווכּרעֶטשאַיעֶט און אפילו ניִשט געֶענטפעֶרט אויף זײַן פּאָקלאָן. איִהר מיינט, איִך רעֶד אויף איִהם מחמת רעֶוונאָסט? אוּווערעֶיוּ וואָס, אַז ניין. נאָר איִסקליוטשיִטעֶלנאָ, ווײַל איִך האָבּ בּיי זיִך אִין האַנד דאָקאַזאַטעֶלסטוועֶס, אַז עֶר האָט אײַך אָבּיִזשאַיעֶט און אָקליעֶוועֶטאַיעֶט, אײַך און אײַער מאַן בּיִז דעֶר לעֶצטעֶר סטעֶפּעֶני... איִך זאַפּיעֶוואַיעֶ נאָך שבת׳דיִגעֶ וואָך אַ פּראָגולקעֶ קיין עֶגעֶר. דאָרט איִז פּאַראַן, וואָס צו זעֶהעֶן. אויבּ איִהר וועֶט זיִך פּריִסאָיעֶדיִנאַיעֶן צו אונזעֶר אָבּשטשעֶסטוועֶ, וועֶל איִך אײַך איִבּעֶרגעֶבּעֶן די דאָקאַזאַטעֶלסטוועֶס, וואָס איִך זאָג אײַך. אַ פּאָקאַ, פּעֶרבּלײַבּ איִך אײַער בּעֶסטעֶר פרײַנד.

מ. ד. מ.

## № 32.

### חיים סאַראָקער פון מאַריענבאַד צו בעלצי קורלענדער אין מאַריענבאַד.

איין אומגליק מיט די נאַלעווקער ווייבלעך. אין דער היים זעהט מען זיי מעהר נישט אַז שבת בייטאָג אין זאַקסישען גאָרטען. און קומען זיי אַהער קיין אויסלאַנד, ווייסען זיי אַליין נישט, וואוהין זיי זאָלען זיך ווארפען. איך זאָג אייך נישט קיין מוסר און האַלט אייך נישט פיר. עס וואונדערט מיך נאָר, פאַר וואָס, אַז איך האָב אייך געבעטען זיין אין „מיראַמאָנט״ — איך האָב אייך געוואָלט זאָגען אַ נויטיגע זאַך — זענט איהר נישט געקומען, און מיט דער קאָמפּאַניע זשוליקעס קיין עגער, זענט איהר יאָ געפאָהרען. מסתמא איז אייך מיט זיי מעהר איינגענעהם די צייט צו פערבּרענגען — זאָל אייך גאָט העל־פען... אפשר בעדאַרפט איהר נאָך געלד? היינט פאַרנאַכט האָף איך אייך צו בעגעגענען אויף דער פּראָמינאַדע.

אייער בעסטער פריינד
**חיים סאַראָקער.**

---

## № 33.

### מאיר מאַריאַמטשיק פון מאַריענבאַד צו בעלצי קורלענדער אין מאַריענבאַד.

טייערע בעלצי!

איזווינימיע, וואָס איך פּאַזוואָלי מיר אַזאַ פאַמיליאַרנאָסט, חאָטיאַ מיר זענען נאָך נישט אַזוי בליזקע. ביי מיר איז אַזאַ פּריוויטשקע: דעם, וואָס איך אוואַזשאַיע, מוז איך אָנרופען ביי'ם נאָמען ובפרט אייך, וואָס איהר האָט מיך אַזוי אָטשאַראָוועט פון דער ערשטער ווסטרעטשע!! זאָגט מיר, דושענקי, ניעאָוזשעלי איז דאָס אמת, וואָס אייער ראָד־סטווענניצע טשאַפּניק האָט מיר דערצעהלט אויף אייך, אַז איהר בענטשט

בודטאָ בי ליכט אַלע פרײַטאָג אויף דער נאַכט ? אויף דער מאַדאַם שערענציס און אויף דער מאַדאַם פּעקעליס וואָלט איך עס געגלויבט, וואָרום זיי זענען זעהר נישט אָבראַזאָוועט און טאַקי גלופּאָוואַטע אויך. חאָטיאַ איך ווייס אַ פּאַקט, און נישט איין פּאַקט, נאָר עטליכע פּאַקטען, אַז די שערענציס מיט דער פּעקעליס זענען אויך נישט אַזוי רעליגיאָזנע, ווי זיי זענען אין וואַרשאָ אויף די נאַלעווקיס. דאָרט פאַר די איטשע-מײַערס פּאַסט זיי בענטשען ליכט פרײַטאָג פאַר נאַכט. און דאָ וועל איך אײַך ווײַזען אַ דאָקאַזאַטעלסטווע, אַז איך וועל זיך מיט זיי קאַטאַיען אום שבת אויף אַ לאָדקע — אַ נישט, זאָל מײַן נאָמען נישט הייסען מאַרק דאַווידאָוויטש! זאָגט מיר, דושענקי, אָטקראָווענע, נאָך די בריעף, וואָס איך האָב בעוויזען, האָט איהר אײַך שוין אובעזשדאַיעט, וועֶר מײַן שוואָגער איז? עס איז זעהר פּריסקאָרבנע, וואָס איך מוז מיך פּערעפּיסעווען מיט אײַך דורך צעטעלעך, נאָר וואָס זאָל מע טאָן, אַז מע לאָזט אונז נישט נאַיעדינע אפילו אויף איין סעקונדע! ווי געפעלט אײַך מײַן באַסני, וואָס איך האָב סאָטשיניאַיעט אויף די יאַמאַי-טשיכעס טעכטער? שרײַבט מיר אַ פּאָר ווערטער חאָטש נאַ פּאַמיאַט. ניעאָוזשעלי האָט איהר מורא, אָדער איהר דאָווערַאיעט מיר נישט איצט אויך, פּאָסלע טאַוואָ, וואָס איך האָב אײַך געגעבען אַזעלכע דאָקאַזאַטעלסטוועס?

אײַער מאַרק.

---

## № 34.

## חיים סאַראָקער פון מאַריענבאַד צו בעלצי קורלענדער אין מאַריענבאַד.

איהר פאָדערט פון מיר דורכאויס, אַז איך זאָל אײַך זאָגען דאָס וואָרט, זאָג איך עס אײַך: עס איז מיר אײַנגענעהם מיט אײַך זיך צו בעגעגענען אַ סך מעהר, ווי מיט אַלע אונזערע נאַלעווקער ווײַבלעך צוזאַמען גענומען. זענט איהר שוין צופריעדען? צו איהר ווילט, איך זאָל אײַך נאָך זאָגען דאָס, וואָס איך האָב אײַך שוין כמעט ווי געזאָגט און אויפ'ן איבערינגען האָט איהר אײַך אַליין געשטויסען?... אַצונד

פערשטעה איך שוין, וואס אײַער מאַן ציטערט אַזוי איבער אײַך. אַז מע האָט אַזאַ שאַץ, קאָן מען רוהיג נישט שלאָפען... איהר ווייסט, אַז איך בין נישט קיין מענש פון קאָמפּלימענטען. נאָר פון דעם אמת קאָן מען נישט אַוועקגעהן. צו אייער פנים ווען איהר האָט נאָך אַ ביסעל אַ ווײַכער האַרץ, נעהמט איהר דאָך איין די גאַנצע וועלט... תען זעהען מיר אונז? וויפיעל דאַרפט איהר נאָך האָבען געלד? איך מעל אײַך אָפּוואַרטען אין יודישען רעסטאָראַן ביים טישעל, וואו איך זיץ תמיד.

אײַער חיים.

---

№ 35.

מאיר מאַריאַמטשיק פון מאַריענבאַד צו
בעלצי קורלענדער אין מאַריענבאַד.

דושינקע! ליובעניו!

ספּאַסיבאָ, וואָס איהר האָט אַזוי ריעזקאָ אָפּגעהאַקט די פליגלען מיין שוואָגער חיים. ער וועט שוין וויסען דאָס אַנדערע מאָל, ווי אַזוי צו פערעסליעדעווען אײַך. וואָס זאָגט איהר אויף דעם אומגליק? קאַרג אוחאַזשאָרען ביי אײַך, האָט דער רוח אָנגעטראָגען אַ דאַנטיסט פון קעשעניעוו. איך פערשטעה נישט, ווי אַזוי מען פּרעזיראַיעט נישט אַזאַ ניטשטאָזשעסטווע! מע פּרעדלאַגאַיעט איהם איינע פון די דריי יאַמאַי-טשיכעס טעלעטער — טודאַ יעמו דאַראָגאַ — וואָס האָט ער צו אוחאַ-זשעווען נאָך אונזערע וואַרשאָווער ווײַבלעך? מע האָט מיר פערעדאַיעט, אַז ער איז שטאַרק וואָזמושטשאָן פון מיין באַסני, וואָס אַלע טראָגען זיך איצט מיט איהר אַרום. ער געהט אַרום איבער מאַריענבאַד און ראַספּראָסטראַנאַיעט לאָזשנע סלוכען, אַז די באַסני איז נישט מיינע און וויל מיך אַרויסרופען פון דעסטוועגען אויף אַ דועל. אָט אַ משוגעק! ממה-נפשך, איז זי נישט מיינע, פריטשאָם איז דאָ אַ דועל? וואָאָבי-שטשע, עס ווילט זיך מיר נישט מאַראַיען, ווײַטער וואָלט איך אויף איהם אַליין סאָטשינאַיעט אַ באַסני, וואָלט זי דאָסטיגאַיען פון דאַנען ביז קעשעניעוו. ביי מיר סאָטשינאַיען אַ באַסני איז גרינגער, ווי אויס-

רוזיכערען א פאפיראס. אז איך בין געווען נאך אין אדעס, פלעג איך סאטשינאיען אלע טאג ניע מעניעיע פון צוויי טוץ באסנים. און גישט נאר באסנים אליין, — איך פלעג שרייבען פעליעטאנען, ראמאנען, קאמעדיעס. „קאמעדיע בראקא" האט איהר געזעהן אמאל? איז דאס מיין סאטשינעניע. פארהאן ביי יושקעוויטש'ען אויך א „קאמעדיע בראקא", טויג זי אויף טישטשע חלשות! וואָבשטשע, איך וויל זיך פאר איין נישט ריסעווען, נאר איהר קאנט מיך נאך גאר ווינציג. איך נאדעיע זיך, אז איהר וועט מיר אוזנאיען נעהינטער, וועט איהר איזמעניען אינגאנצען אייער ווזגליאד מיט אייערע אָטנאשעניעס צו מיר.

אייער מארק.

---

## № 36.

## שלמה קורלענדער פון נאלעווקים (ווארשא) צו זיין ווייב בעלצי קורלענדער אין מאריענבאד.

לזוגתי היקרה מרת בעלצי שתחי'.

איך האב דיין בריעף מקבל געווען און דאס שענע פעקעל מיט די זיסע ליבע-צעטעלעך פון ביידע שוואגערס האב איך דורכגעלייענט. מה נאמר ומה נדבר — וואס זאל איך דיר זאגען, בעלצי היקרה? ס'איז עק וועלט! ווי באלד, אז בעווייבטע יודען, טאטעס פון קינדער, קאנען היינטיגע ביטערע צייטען אין זינען האבען אזעלכע פוסטע זאכען, נאכלויפען נאך פרעמדע ווייבלעך, — איז מען טאקי, ווי דו זאגסט, נישט זיכער מיט'ן לעבען. גוואלד וועה געשריגען! ווער איז געווען דער ערשטער, וואס האט אויסגעטראכט אט דאס אויסלאנד? וואלט נישט גלייכער געווען, עס זאל געווען איינגעזונקען ווערען אזוי ווי קורח, אדער פערברענט ווערען, ווי סדום, נאך איידער איך האב גאר געהערט דעם נאמען אויסלאנד אפילו? איך זעה ארוים, בעלצי היקרה, אז דאס מאריענבאד האט זיך אויף מיר גענומען נישט אויף קאטאוועסען און וויל מאכען פון מיר א תל. איך זאל נישט שטעהן איצט אין רעכטען בויען — מע האלט שוין ביים דעקען — וואלט איך נישט געקוקט אויף קיין זאך, איך וואלט מפקיר געווען אלסדינג, לאז דאס

געהן אין דער ערד אריין, און וואָלט מיר דורכפאָהרען צו דיר קמין מאַריענבאַד, זעהען, וואָס איז דאָרטען פאַר איין אומגליק אויף מיר, וואָס וואו ערגיץ אַ שלאַק, וואו ערגיץ אַ צרה — דיך אויסמיידען קאָן עס ניט. וואָס איז עפּיס געפאַלען דער גורל אויף דיר? פאַר וואָס טרעפען זיך מיט מיר ניט אַזעלכע נסים? פאַר וואָס שרייבט מען ניט צו מיר אַזעלכע חניפה-בריוועלעך, ווי צו דיר? און פאַר וואָס האָסט דו איהם באַלד ניט אָבגעענטפערט אויפ'ן אָרט, איך מיין טאַקי אָט דעם גראָבען פּעמפּיק חיים סאַראָקער? וואָס האָסט דו בעדאַרפט וואַרטען ביז דער בעסאַראַבער היהנערפרעסער וועט מיר שרייבען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל? און וואָס איז דאָס גלאַט פאַר אַ השגה ביי אייך דאָרטען געבען צו לייזען דער פּאָסט, שרייבען בריוו-לעך, אַז מע זיצט אין איין שטאָדט? ממה-נפשך, זעהסט דו איהם אין גאַס, קאָנסט דו דאָך איהם אָבשטעלען און אַ זאָג טאָן: „רב חיים! אָדער פּאַניע סאַראָקער! זאָגט, וואָס ווילט איהר? איהר לע-רענט זיך שרייבען בריוולעך אויף דער עלטער, אָדער איהר האָט ניט וואָס צו טאָן? — איז דאָ איין עצה — מע שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט"... מאָל דיר, בעלצי היקרה, די דאָזיגע חניפה-בריוועלעך וועלען איהם אויספאַלען באָקאָם. חאָטש ער זאָגט, אַז די קורלענדער זענען ניט דערזאַלצען און חאָטש דו שרייבסט מיר, אַז איך בין אויסגע-וועבט, וועל איך דיר ווייזען, אַז די בעסאַראַבער פערמאָגען ניט אין קאָפּ, וואָס אַ קורלענדער האָט אין דער פּיאַטע. איך בין געפאַלען אויף איין אויבער-הסברה און אָבגעאַרבייט אַ שטיקעל מלאכה, זאָג איך דיר, אַז ס'איז ווערט אַ דרייערעל. די גאַנצע נאַלעווקיס מיט גאַנץ וואַרשאָ וועלען לעקען די פינגער! מילא אָט דעם שאָלטיק מאַר-יאַמטשיק'ס בריוולעך — די האָב איך גלייך אַוועקגעטראָגען צו זיין חנציין — לאָז זי זיך קוויקען. האָט זי גע'חלש'ט דריי מאָל. מע האָט זי קוים אָבגעמינטערט, אַראָבגעברענגט דעם דאָקטאָר... און מיט חיים סאַראָקער'ס בריוולעך האָב איך אָבגעטאָן אַזאַ מין שפּיעל. אָט וועסט דו הערען אַ שענם: אַזוי ווי אויף זיינע בריוולעך צו דיר איז ניט דערמאָנט ניט דיין נאָמען ניט מיין נאָמען, און אָרט איז אויף זיי פאַרהאַן געענוג, בין איך געגאַנגען און האָב אויסגעשטעלט די ערשטע צוויי בריוועלעך אויף די נעמען פון בראָני לויפערמאַן און לאה'צי ברויכשטוהל, און די אַנדערע צוויי אויף דער שערענציס מיט דער פּע-קעלים. און איבערגעגעבען די בריוולעך צו זייערע מאַנען, איטליכען

בעזונדער זײַנס, און לאָזען זײַ זיך קראַצען. װאָרום װאו שטעהט עס, אַז נאָר איך בעדאַרף האָבען צרות? לאָזען זײַ אויך נישט שלאָפען קײַן נעכט, אַזוי װי איך. לאָזען זײַ אויך אָבקומען חבוט-הקבר, אַזוי װי איך און פיהלען דעם טעם גיהנם, װאָס הײַסט מאַריענבאַד... און פאַר דעם סאַראָקער פעמפיק װעט דאָס זײַן אָבגעגעבען ברויט, עין תחת עין — אַ פּאַטש פאַר אַ פאַטש, אָדער װי זאָגט אַ גוי אַ שפּריכװאָרט „כטאָ יאַמע קאָפּאַיע, טאָ סאַם אופאַדאַיע”... װי געפעלט דאָס דיר? אַ יאָ, אײַן אײַנפאַל? און דוקא אַ קורלענדער!

אַצינד, בעלצי היקרה, װעלען מיר אַװעקלעגען די דאָזיגע כלבים מיט זײַערע ליעבע-צעטעלעך און מיר װעלען אַ ביסעל שמועסען פון דיר, פון דײַן קור, און פון דײַנע נײַע בעקאַנטע אין מאַריענבאַד. טאָמער איז װינציג חיים סאַראָקער מיט מאיר'ל שאַרלאַטאַן האָט זיך פּריװעלעגטשיט צו דיר אַ נײַער שלים מזל. איך מײַן טאַקי װידער אַמאָל דעם קעשעניעװער דאַנטיסט. גלויב מיר, איך פערשטעה גאַנץ גוט, אַז ס'איז בלאָטע שבבלאָטע. ער װעט דיר נישט אָבבײַסען, װי דו זאָגסט. ער װעט האָבען פון דיר דאָס אײַגענע, װאָס חיים סאַראָקער און װאָס מאיר'ל שאַרלאַטאַן האָבען פון דיר געהאַט. דאָס הײַסט, ער װעט דיר, מסתמא, אַרײַנשרײַבען אַ פּאָר ליעבע-בריװעלעך מיט חניפה-צעטעלעך און דערמיט װעט זיך אויסלאָזען. נאָר װאָס דען? איך פרעג דיך, צו װאָס דאַרף איך דאָס? צו װאָס נוצט עס מיר, אַז גאַנץ מאַריענבאַד און גאַנץ װאַרשאָ זאָלען װיסען, אַז ס'איז דאָ אין קעשעניעװ אַ דאַנטיסט, װאָס רײַסט זיך מיט מאיר'ל מאַריאַמטשיק פאַר די נעז איבער שלמה קורלענדער'ס װײַבעל? קײַן סודות, זאָג איך דיר, איז נישטאָ. זאָלסט װיסען אײַן מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז אַלסדינג, װאָס מע רעדט אין מאַריענבאַד, הערט מען אין װאַרשאָ, און לאָז עמיצער געבען בײַ אײַך אין מאַריענבאַנד אַ ניס, װעט מען איהם פון די נאַלעװקיס ענטפערען: „צו געזונד”. די װעלט זאָגט אַ שפּריכװאָרט: „װאָס דער מענש װוכט, דאָס געפינט ער, און װאָס פאַר אַ גוט שבת אַזאַ גוט יאָהר”... פאָהרט מען אין אויסלאַנד זיך קורירען, דאַרף מען אין זינען האָבען די קור. דיר געפעלט נישט, זאָגסט דו, מאַריענבאַד און װילסט משנה מקום זײַן? — הערסט דו, מיר איז דאָס מאַריענבאַד פון אָנהויב אָן נישט געפעלען, און איך װאָלט זעהר צופריעדען געװען, װען דו פאָהרסט אַריבער אויף אײַן אַנדער קור-אָרט. נאָר װאָס דען? איך פערשטעה דיך נישט, בעלצי היקרה. דו אַלײַן שרײַבסט

מיר, אַז פון מאַריִענבאַד קיין פראַנצענסבאַד איז אַ שפרונג, נעמט מען און מע שפּרינגט אַריבער. צו וואָס בעדאַרף מען קלאָגען און וויינען? איך שיק דיר דאָ געלד און איך בעט דיך: טו מיר נישט אָן קיין בזיונות, און פאָהר אַריבער באַלד קיין פראַנצענסבאַד, נאָר אָהן בעגלייטערס, אָהן שטיגוטערעס און אָהן אונטערפיהרערס... איך וועל דיר געבען אַן עצה, וואָס דו זאָלסט טאָן: הויב דיך אויף גאַנץ פריה, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, זעץ דיך אויף און פאָהר אַריבער, און נעהם דיך צו דער קור צוריק פונ'ם אלף-בית, און פערגעס, אַז ס'איז פאַרהאַן אַ מאַריענבאַד אויף דער וועלט מיט קאַוואַליערען, אַדעסיטען, דאַנטיסטען און נאָך אַזעלכע שאַרלאַטענעם. טו מיר צוליעב חאָטש איין מאָל, וועסט דו אַליין זעהן, אַז איך בין דיר מעהר גוטער פריינד פון זיי אַלע. איך זאָג עס דיר נישט, חלילה, ווייל איך טראַכט איבער אויף דיר, אָדער ווייל איך האָב עפּיס צו זיי, וואָרום וואָס האָבען זיי מיר געטאָן און וואָס אַרט עס מיך, אַז זיי דרעהען זיך דאָרט אַרום דיר? לאָזען זיי זיך דרעהען אַרום מלאך-המות. נישטמעהר איך וויל דיך פערהיטען פון יודישע מיילער. איך וויל נישט, אַז יאַמאַיטשיכע זאָל האָבען וואָס צו רעדען, און מאיר'ל שאַרלאַטאַן זאָל האָבען וואָס צו פאַטשקען מיט דער פען, און אַפילו אַזאַ בעסאַראַבער מאַמעליגע, ווי חיים סאָראָקער, זאָל זיך נישט דערוועגען מעהר שרייבען ליעבעצעטעלעך צו פרעמדע ווייבער... אויף איהם וואָלט איך מיך געריכט גיכער אַ פגירה איידער אַזאַ זאַך. היינט גאָר טרעף, ווער ס'איז אַ גוטער פריינד און ווער ס'איז אַ שונא. בעריל טשאַפּניק איז דאָך עפּיס גאָר אַ גאָלד אַקעגען איהם. און איך בין געוועזן אַזאַ שוטה און בין געגאַנגען און האָב זיך איהם פערטרויעט און אָנגערעדט אויף טשאַפּניקען וואָס אין דער קאָרט, איז ער נישט פויל געוועזן אויף דער פען און האָט אַ פנים אַלסדינג בעוויזען דער טשאַפּניטשקע — איצט איז אויף מיר אַ פייער, זאָל גאָט היטען! בעריל טשאַפּניק איז געקומען צו מיר צו לויפען מיט אַ צעיאָשעטען קאָפּ און האָט אויסגעמאַנטאַטשעט ביי מיר אַ גמילות-חסד אויף צו פערפאַלען. מאָהל דיר, דער סאַראָקער הזיר האָט זיך פון מיר אויך נישט גענאַרט. איך האָב איהם אַריינגעהאַקט אַ בריעף די טעג און אָנגעריבען אַ מאָרדע, אַז ער וועט שוין פערזאָגען קינדס קינדער! און האָב קיין מורא נישט — וועגען דיינע בריוועלעך צו דיר האָב איך איהם אַפילו נישט מזכיר געוועזן. און איך בעט דיך, בעלצי היקרה, זאָלסט מיר שרייבען, וויפיעל האָסט דו

אָנגענומען בײַ איהם דורך דער צײַט אויף מײַן חשבון און צי האָכט דו איהם געחתמ׳עט קוויטלעך, צי ער האָט דיר געגעבען נאָר אַזוי אויפ׳ן וואָרט? עס וואָלט געווען אַ מצוה גדולה אָנצולערנען אַזאַ כלב שבכלבים, ער זאָל נישט בילען. און פאָלג מיך, בעלצי היקרה, פאָהר אַוועק פון דעם פערשאָלטענעם מאריענבאַד, פערשאָלטען זאָל דאָס ווערן. נאָר פאָהר נישט מיט קיינעם, פאָהר אַליין, און שרײַב מיר, וויפיעל רעכענסט דו נאָך צו פערברענגען אין אויסלאַנד און ווען רעכענסט דו צו קומען, אם ירצה השם, אַהיים געזונטערהייד? און וואוהין רעכענסט דו צו פאָהרען — קיין פראַנצענסבאַד, און ווערליג איך האָב געהערט (נישטאָ קיין פערבאָרגענע זאַך אויף דער וועלט), קלויבסט דו דיך גאָר קיין אָסטענדע; שרײַב מיר, וואו ליעגט עס ערגיץ אָט דאָס אָסטענדע? און שרײַב מיר, מיט וועמען פאָהרסט דו קיין אָסטענדע? אַוודאי מיט אַ בעקאַנטע מאַדאַם? און זײַ מיר געזונד, און גאָט זאָל מיר העלפען, איך זאָל שוין דערלעבען דיך זעהען געזונטערהייד צוריק פון דער קור, בין איך מנדר דײַנע בײדע פעטערם צושטײַער אויף הוצאות, זיי זאָלען אַריבערפאָהרען אין אַמעריקאַ, וואָרום עס איז נישט אויסצושטעהן פון זיי, מע רייסט פון אַלע זײַטען. די היצען זענען גרויס און דער יקרות איז נאָך גרעסער, און קבצנים זענען דאָ אַזוי פיעל, אַז ס׳איז גאָרנישט אויסצובעהאַלטען זיך פון זיי... שרײַב מיר באַלד אַ קבלה אויפ׳ן געלד און, למען השם, ווינציגער געשפּאַציערט און מעהר געקורירט, וואָרום דײַן געזונד, דאָס איז בײַ מיר דער עיקר.

בעלך שלמה קורלענדער.

---

## № 37.

## הערש לויפערמאַן פון די נאַלעווקיס (וואַרשא) צו חיים סאַראָקער אין מאַריענבאַד.

להנגיד המפורסם מהור׳ חיים סאַראָקער נ״י.

עס וועט אַך אודאי זאַן אַ חדוש נפלא, ווי קום עך פלוצים צונ׳אַך מיט אַ בריעף, אַז אונז האָבען מיר קיין מאָל נישט געהאַט קיין

שום געשעפטען צווישען זעך, און אויב איהר ווילט, זענען מיר אפילו גאָרנישט אַזוי נאָהענט בעקענט, אויסערדעם וואָס אונז דאַוונען מיר ימים נוראים אין איין שטיבעל. נאָר אויב ס'איז אַך אַ וואונדער, איז מיר אַ סך מעהר וואונדערליך, ווי קומט אַ יוד, אַ בעל-הבית, אַ סאָלידער כוחר און אַ טאַטע פון קינדער, זעך ערלויבען אַזוי צו האַנדלען מיט יענעמס וואַב, איהר שראַבען ליעבעצעטעלעך גאָר און אַפּירלעגעך געלד? ווער דאַרף אַך מיט איינערע געלד? נישט שוין זשע ווייסט איהר נישט, אַז ערשטענס בין עך אפשר אַזוי ראַך אין מזומן געלד ווי איהר? און אויב איהר ווילט, בין עך, האָט קיין פּאַראיבעל נישט, אפשר נאָך ראַכער פון אַך. וואָרום אַז אונז זאָלען מיר יעך וועלען גוט אויסרעכענען, ליגט איהר צעשטעקט מיט איינער פערמעגען ביי לאַטען און ווער ווייס, וואָס קאָן זאַן אין אַ יאָהר אַרום, חלילה, ביי אַ קריזיס? עך בין מיט גאָטס הילף אַ מזומנ'ער עושר, וואָרום די גאַנצע וועלט ווייס, אַז עך האָב גאָט זיי דאַנק אויסגענומען אין דער וואַרשאַווער לאָטעריע מזומנ'ע קערבלעך, און עך קאָן מיר, ברוך השם, ערלויבען אויסהאַלטען מאַן וויב נישט נאָר אין מאַריענבאַד, נאָר אַפילו אין פּאַריז. און צווייטענס, איז מאַן וואַב, חלילה, נישט גלאַך צו אַנדערע וואַבער, ווי, למשל, די מאַדאַם טשאַפּניק, אָדער ווי קורלענדערס וואַבעלע, וואָס איינער שוואָגער, דער אַדעסער פּאַצעטעל מאַריאַמטשיק, מאַכט דאָרטען מיט איהר, ווי עס לאָזט זיך הערען, שענע משא ומתנ'ס... איהר ערלויבט אַך צו שראַבען צו מאַן וואַב, האָט מיר קיין פּאַראיבעל נישט, אַזעלכע נאַרישקייטען און אַזעלכע נידערטרעכטיגע אָנצוהערענישען, וואָס אַ לאַטישען מענשען וועט עס קיינמאָל גאָר אויף די געדאַנקען נישט קומען. דערבאַי זענט איהר זעך פאַר איהר מודה, אַז איהר זענט נישט גאָטס סטראַפּטשע און דאָך האַלט איהר זי פיר, למאי זי בעגעגענט זיך מיט אַזעלכע נישט ווירדיגע פאַרשוינדלעך, ווי איינער שוואָגערל. און נאָך דעם אַלעם פערגינט איהר אַך צו זאָגען מאַן וואַב, אַז איהר און איינער קאַסע זענט אָנגעבראַכט!... דאָס איז שוין פון איינער זאַט, האָט מיר קיין פּאַראיבעל נישט, אַזאַ שווינעראַי, וואָס דאָ אויף'ן אָרט קריגט מען פאַר אַזאַ זאַך געבראָכען די ביינער... און איהר האָט נאָך אַזעלכע פערשטאָכענע אויגען בעריהמען זעך פאַר מאַן וואַב, אַז מיר זענען מיט אַך נאָהינטע שמעלקעס און איהר האָט אַ עצה זיך אונטערצושראַבען „איינער מאַנס

פראַנד״. כ׳בײַט אַך, זאָלט איהר מיר געזונד זאַן, פון ווען אָן זענט איהר עס מאַנער אַ פראַנד געוואָרען? וואו זענט איהר געוועזען אין יענע צײַטען, ווען איך בין, נישט פאַר איצט גערעדט, געלעגען אין דער ערד און געבאַקען בײגעל? מיר שאַנט, אַז עך האָב געהאַט אַ זכיה, אַז איהר האָט מיר געענטפערט אויף מאַן גוט-שבת מיט מאַן גוט יום-טוב. און עך בײַט אַך, ווער בעדאַרף עס אַזוי נויטיג אײַער גוט-פראַנדשאַפט? קײַן קרעדיט האָב עך בײַ אַך קײַן מאָל נישט געהאַט און נישט געזוכט, און איצט, מיט דער הילף פון קודשא-בריך-הוא, דאַרף איך אײַער קרעדיט אודאי נישט. ווײסט איהר, וואָס עך וועל אײַך זאָגען? אַזעלכע בריוועלעך, ווי איהר שראַבט, זענען, האָט מיר קײַן פאַראיבעל נישט, אָנגעמאָסטען נאָר פאַר אַזעלכע פאַנע בריה׳ס, ווי די מאַדאַם טשאַפניק און נאָך אַזעלכע הפקר-וואַבלעך, אָבער נישט פאַר אַנשטענדיגע פרויען פון אַנשטענדיגע לאַט.

דאָס איז אַלעס, וואָס עך האָב געפונען פאַר נויטיג אַך צו זאָגען אויף דער הײַסער שעה. דאָס איבריגע וועל עך אַך אויסלומר׳ען, אם ירצה השם, אַז איהר וועט קומען געזונטערהײַד אַהײַם און אונז וועלען מיר זעך זעהן פנים אל פנים. דערוואַל זאַט׳ס מיר און האָט׳ס מיר.

ממני צבי הירש לויפערמאַן.

---

## № 38.

### הירש לויפערמאַן פון נאַלעווקים (וואַרשאַ) צו זײַן וושב בראָני לויפערמאַן אין מאַריענבאַד.

בראָנישי!

וואָס איז די מעשה, וואָס דו שראַבסט מיר די גאַנצע צאַט, עך זאָל דיר שיקען געלד און געלד, און אַז דו האָסט דאָרט אין מאַריענ-באַד בעקומען, קײַן בײַז אויג, אַזאַ קרעדיט — פון דעם שראַבסט דו מיר גאָרנישט. אַ גליק, וואָס עך האָב בעקומען זאַן בריוועלע צו דיר, אַ נישט וואָלט עך גאָרנישט געוואוסט, ווי אַזוי דו פערברענגסט דאָרט די צאַט, און וואָס פאַר אַ גוטע פראַנד דו האָסט דאָרט געפונען,

װאָס זײַ אַלײן און זײַער קאַסע זענען אָנגעבּרײַט פאַר דיר! מילא, אַז ער איז דיר אַ גוטער פראַנד — דאָס זעהט מען פון זאַן בריװעלע צו דיר. אָבער פון װען אָן בין עך געװאָרען זאַנער אַ גוטער פראַנד, װאָס ער װיל פערהיטען מאַן כבוד? פאַר װאָס האָב עך נישט געהערט פון זאַן גוטפראַנדשאַפט דעמאָלט, װען עך בין, נישט פאַר איצט געזאָגט, אױסגעריסען געװאָרען און אַרום געלאָפען איבער װאַרשאָ מיט אַנ'אַרױסגעשטעלטער צונג זוכען אַ דראַעריל? איצט זענען זײַ שױן אַלע געװאָרען מאַנע גוטע פראַנד. פון בערעל טשאַפניק שמועסט מען נישט. דער איז באַלד נאָכ'ן געװינס געקומען צולױפען מיט אַ גדולה. און אױפגעדעקט מיר אַ סוד, אַז ער האָט מעך תמיד געהאַלטען פאַר אַ פעהיגען מענשען, און אױסגעלאָזט האָט זעך עס מיט אַ גמילת-חסד'ל. נאָר אפילו אַזאַ יוד, װי רב װעלװעל יאַמאַי־קער מיט'ן שענעם באָרד טראָגט מיר האַנט דעם „גוט מאָרגען" אַקעגען. עך בין מיט אַ מאָל אױסגעװאַקסען, געװאָרען אַ גאַנצער יש, אַ העלד אין מיטען דרינען! דאַכט זעך דער אײַגענער העריש לױפערמאַן װאָס פריהער, און דאָך נישט דער. אפילו די צאַטינגען האָבען געהאַט צו טאָן די ערשטע צאַט מיט'ן נײַעם גביר פון די נאַלעװקיס. נאָר לאָמיר דאָס אַװעקלעגען אױף אַ זאַט. זאָג מיר, בראָנישי, װי דער־לאָזט דו עס גאָר, מע זאָל צו דיר שראַבען אַזעלכע בריװעלעך? למאי האָסט דו אַלײן נישט אָבגעשיקט צו מיר זאַן בריװעלע? און װאָס האָסט דו איהם אָבגעענטפערט אױף זאַן בריװעלע? און שראַב מיר, אויב ס'איז אמת, אַז דו קענסט זיך דאָרטען מיט זאַן שװאָגער דעם שאַרלאַטאַן? און אויב ס'איז אמת, אַז דו געהסט מיט איהם שפּאַציר־רען אױף דער גאַס? און װי קומט עס, װאָס פאַדליג ער שראַבט, האָסט דו איהם געגעבען אַ קאַלטען אױפנאַהם, לסוף לעגט ער דיר פאָר, אַזױ װי דו פאָהרסט פון בערלין, קעהרסט דו דאַרפען געלד, על־כן, שראַבט ער דיר, אַז ער און זאַן קאַסע זענען תמיד אָנגעבּרײַט פאַר דיר!? אַזאַ חוצפה איז נאָך נישט געהערט געװאָרען אין דער װעלט. אױסערדעם, װאָס עך שראַב צו איהם אַלײן אַ רעכט בריװעל, װאָס עס װעט איהם פינסטער װערען אין די אױגען, װעל עך נאָך זאַן מיט זאַן בריװעלע צו דיר באַ זאַן װאַב — לאָז זי זעהען און לאָז זי אויך װיסען, װי אַזוי איהר מאַן האַלט די „קור" אין מאַריענבאַד!

עך בײַט דעך, בראָנישי, זאָלסט מיר באַלד שראַבען װעגען איהם װאָס און װען, װאָרום עך װעל אַזאַ זאַך נישט פערשװאַגען! און

פון דאַן געזונד זאָלסט דו מיר שראַבען און פון אלסדינג זאָלסט דו מיר שראַבען.

פון מיר דאַן געטרייער מאַן

**הערש לויפערמאַן.**

---

## № 39.

## קלמן ברויכשטוהל פון די נאַלעווקים (ווארשא) צו חיים סאַראָקער אין מאַריענבאַד.

לכבוד הגביר המפורסם מוה"ר **חיים סאַראָקער** נ"י.

דער צוועק פון דיזען בריעף איז אָנצופרעגען זיך ביי איך, איהר זאָלט זיין אַזוי גוט מיר ענטפערען גאַנץ אויפריכטיג און קלאָהר, נישט בעדרעהט זיך און אָהן קונצען: וואָס פאַר געשעפטען האָט איהר דאָס מיט מיין פרוי, וואָס איהר שרייבט צו איהר שלום-לאהובי-בריוולעך? איהר רופט זי אַרוים צום ברונען און אין „מיראַמאָנט" אַריין צו שמוע. סען מיט איהר אונטער פיער אויגען?! איהר לעגט איהר פאָר געלד, און איהר פאָדערט פון איהר, זי זאָל אַריבערפאָהרען צו אייך אין אייער האָטעל פון איהר טובה וועגען?!... און דער עיקר, וואָס פאַר אַ סודות האָט איהר עס צו דערצעהלען אויף מיר???!... אין אייער בריוועלע צו מיין פרוי ווינקט איהר אָן, אַז איך האָב נישט פיינט קיין קערטעל און אַז איך שפיעל אין „אָקע". אויב דאָס איז אייער סוד, וואָס איהר האָט אויסצוזוצען אויף מיר, האָט איהר נישט געטראָפען די סטאַנציע. גאַנץ ווארשא ווייס, אַז איך אין „אָקע" שפיעל נישט. איך שפיעל אַמאָל אַ באַנטשאָק אָדער אַן'אַנדער שפיעל, און לעב נישט פון קיין קאָרטען. איך בין נישט בעריל טשאַפניק, איך האָב אַנדערע געשעפטען. אַלזאָ, וואָס קאָנט איהר אויף מיר דערצעה-לען פאַר מיין פרוי? און וואָס פאַר אַ אינטערעס קאָנט איהר האָבען דערביי? אַ מאַן, וואָס שרייבט אַזעלכע בריוועלעך צו אַ פרעמדער פרוי, מוז האָבען וויכטיגע אורזאַכען און איין ערנסטען צוועק. אַז איהר זענט איצט נישט שוה בשוה מיט אייער פרוי — דאָס ווייס איך שוין לאַנג, מע רעדט ביי אונז אויף די נאַלעווקים דערפון גאַנץ געשמאַק. והעלוויל

יאַמאַיקער האָט מיר דערצעהלט אויף אייך גאַנץ שענע זאַכען, אויף אייך און אויף אייער שוואָגער מאַריאַמטשיק. מע שמועסט, אַז איהר ביידע האַלט בײַ גט׳ען זיך מיט אייערע ווײַבער, אויב אַזוי ווינש איך אייך, ס׳זאָל זײַן אין אַ גוטער שעה, איצט בלײַבט איבער נאָר אײן זאַך: וואָס האָט איהר קיין צײַט נישט געהאַט שוין אַזוי גיך זיך בעוואָהרענען מיט אַ צווייטע פרוי, וועהרענד יענע האָט נאָך אַ מאַן בײַ הונדערט צוואַנציג יאָהר? אָדער אפשר ווייסט איהר פון דעם סוד, אַז עס האָט בײַ אונז אויך געהאַלטען אַמאָל אויף אַ גט? איז ערשטענס געהער זיך עס אָן נאָר מיט מיר און מיט מײַן פרוי, און צווייטענס, האָט איהר בעדאַרפט וועניגסטענס אָנפרעגען זיך בײַ מיר דורך אַ בריעף, נישט געהן מיט אַזעלכע וועגען, ווי איהר געהט... אַגב, אַז עס האַלט שוין דערבײַ, בעדאַרף איך אייך זאָגען גאַנץ אויפריכטיג, אַז אויב איך וועל מיך ענטשליסען צו שיידען זיך מיט מײַן פרוי, וועל איך עס אַנדערש נישט טאָן, נאָר מיט אַ תנאי, וואָס בעשטעהט אין צוויי פונקטען: 1) איך וועל איהר די קינדער נישט אַוועקגעבען פאַר כל הון דעלמא. 2) די קינדער מוזען מיר זײַן בעוואָהרענט מיט אַ געוויסע סומע אויף זייער נאָמען, אַרײַנגעטראָגען אין גאָסודאַרסטווענע באַנק. איהר זענט אַ יוד אַ סוחר און אַ בר-דעת און איהר האָט אַ פנים דאָס זעלבע פעקעל, וואָס איך — אַ ווײַב אַ צרה — בעדאַרפט איהר אָבער פערשטעהן, אַז צווישען אייך און מיר איז אַ גרויסער אונטערשיעד. איהר זענט אַ יוד אַ קאַפּיטאַליסט און אייערע קינדער זענען געזיכערט. און איך בין נישט איהר, איך געב אייך מײַן עהרען-וואָרט, אַז איך וועל דאָס צווייטע מאָל נישט הייראַטען. אײן מאָל אָבגעבריהט זיך — גענוג.

אַלזאָ, ידידי, אויב איהר האָט אַנ׳ערנסטען קוק, זאָלט איהר מיר תיכף ומיד ענטפערען. וואָס און ווען און ווי אַזוי. און אויב עס איז בײַ אייך מעהר נישט ווי אַזאַ מין ספּאָרט, ווי בײַ אייער שוואָגער דעם שאַרלאַטאַן, וואָס וועדליג מע שרײַבט אונז פון מאַריענבאַד, האַלט ער אין איין נאָכלויפען נאָך פרעמדע ווײַבלעך און שרײַבען זיי ליבעבריוולעך, פערשטעה איך נישט, ווי ערלויבט זיך עס אַזאַ זאַך אַ יוד אַ סוחר, אַ טאַטע פון קינדער, ער מעג זיך זײַן אפילו אַ גביר און אפילו אַ מיליאָנער? זעלבסטפערשטענדליך, אַז איך וועל אַזאַ זאַך נישט פערשווײַגען און עס קאָן אַרויס דערפון אַ גרויסער סקאַנדאַל. איך ערוואַרט פון אייך יעדענפאַלס אַ ענטפער, אָבער קלאָהר און דײַטליך.

אָהן המצאות און אויבערקעפּלעך... איך האָב נאָר וואָס אַוועקגעשריבען אַ בריוועל אויך צו מיין פרוי קיין מאַריענבאַד, זי זאָל מיר שרייבען אויב ס'איז אמת, אַז זי האָט געשיקט צו אייך אַ שליח נאָך געלד? און פאַר וואָס האָט זי זיך נישט אָנגעפרעגט פריהער ביי מיר? און וואָס איז דאָס פאַר אַ מיראַמאָנט, וואָס איהר רופט זי אַרוים? און וואָס פאַר סודות האָט איהר ענטדעקט אויף מיר? און ערשט דעמאָלט, ווען איך וועל האָבען בעקומען איהר ענטפער וועל איך וויסען, וואָס איך האָב צו טאָן. דערווייל זעהט מיר אוים דער גאַנצער חלום אַ רעטעניש.

איך פערהאָף, אַז אויב איהר האָט אין זיך חאָטש אַ ברעקעל אַנשטענדיגקייט בעדאַרפט איהר באַלד און שוין געבען אַ קלאָהרע תשובה אויף דעם אַלעם און זאָגען מיר דייטליך און אויסדריקליך, וואָס האָט איהר געמיינט מיט אייער פערשטעלטען בריעף צו מיין פרוי? וואָס איז אייער כונה און אייער מיין? און דער עיקר, וואָס פאַר סודות האָט איהר אויסצעזעצען אויף מיר, אויף אייער אומבעקאַנטען

קלמן ברויכשטוהל.

---

№ 40.

קלמן ברויכשטוהל פון די נאַלעווקים (וואַרשא) צו זיין ווייב ברויכשטוהל אין מאַריענבאַד.

צו מיין ליעבע פרוי לאהצי לעב וואָהל!

עס איז נישט גלייך, לאה'צי, וואָס איך האָב בעדאַרפט געוואוירערען פון אַזאַ וויכטיגער זאַך און פון אַזאַ ערנסטען שריט דורך דער דריטער האַנד. מיר שיינט, ס'וואָלט געווען פיעל געזינטער פאַר אונז ביידען, ווען איך ערפאַהרע עס דירעקט פון דיר. איך האָב אַפילו שוין בעמערקט שוין לאַנג, אַז דו האָסט עפּים אויף דער נשמה, נאָר דו פערבאָרגסט עס פון מיר אַזוי וויים ווי מעגליך. דיין פלוצלינג אָבּ-רייזען קיין אויסלאַנד, דיין אויסוועהלען מאַריענבאַד — וואָס עפּעס גראָד מאַריענבאַד? פאַר וואָס נישט איין אַנדער באָד? — און דיינע אַלטענע און קורצע בריוולך צו מיר די לעצטע צייט — דאָס אַלעס

האָט בעדאַרפט זײַן אויפפאַלענד אין מײַנע אויגען. נאָר ווי זאָגט דאָס שפּריכוואָרט: „דער מאַן ווערט געוואויר אַלע מאָל צום לעצטען“... איך וואָלט דאָס קיין מאָל אויף דיר נישט געגלויבט, — און גלויב אויך איצט נישט — אַז דו זאָלסט אַזוי נידריג פאַלען און ערלויבען זיך צו שיקען לײַהען געלד אָהן מײַן וויסען בײַ אַזאַ מאַן, וואָס גראָבט זיך אונטער מיר און זוכט אויף מיר בלבולים, אום צו דערגרײַכען זײַנע נידעריגע צוועקען. לאָז שוין זײַן אפילו, ווי דו האָסט מיר נישט איין מאָל געזאָגט, אַז איך האָב דיר פערפינסטערט דײַן וועלט (אָבוואָהל ס׳איז נישט אַזוי די מעשה: מײַן וועלט איז פערפינסטערט געוואָרען דורך דיר), נאָר יעדענפאַלס וואָלט געווען אַ סך עהרליכער פון דיר, ווען דו זאָלסט מיר שרײַבען: „אַזוי און אַזוי, קלמן-לעב, איך וויל זײַן פרײַ, ווײַל ס׳איז מיר נמאס געוואָרען צו לעבען אין שטענדיגען געלד-מאַנגעל און דעסגלײַכען...“ וואָלט איך דיר אָבגעענטפערט דאָס זעלבע, וואָס איך האָב דיר געזאָגט שוין לאַנג, נאָך בײַ אונזער ערשטען צעפאָהרען זיך, — געדענקסט דו? — אַז ס׳איז פאַרהאַן אַ רוסיש וואָרט: „נאַסילאַו מיל ניע באוּדעש“... אויך איצט זאָג איך דיר, לאה׳צי, ווי איין אמת׳ער גוטער פרײַנד און ווי אַ פאָטער צו זײַנע קינדער, אַז אַלע וועגען זענען פאַר דיר אָפען. איך וועל דיר געבען פולע פרײַהײַט, נאָר מיט איין תנאי: אַזוי ווי דו ווייסט, ווי טײַער עס זענען בײַ מיר די קינדער, אַז איך וועל זיך מיט זיי נישט שײַדען פאַר קיין געלד אין דער וועלט, און אַזוי ווי ער איז אַ יוד אַ עושר, חוץ זײַן שאָדען אויף מיר געזאָגט געוואָרען האָטש האַלב, על-כן זאָל ער בעוואָהרענען פריהער דיך, דערנאָך אונזערע קינדער. פון זיך רעד איך נישט. מיך וועט גאָט אויספיהרען אָהן איהם. דו ווייסט, אַז קיין גרויסער איבערקלויבער בין איך קיין מאָל נישט געווען און איצט אודאי נישט. אַבי איך זאָל וויסען, אַז דיר וועט זײַן גוט, און אַז אונזערע קינדער וועלען, חלילה, נישט דאַרפען אָנקומען צו אַ שטיפ-טאַטען. דאָס איז אַלעס, וואָס איך האָב דיר צו זאָגען. איין אַנדער מאַן אויף מײַן אָרט וואָלט דיר געמאַכט איין אַוואַנטורע מיט אַ סקאַנ-דאַל. איך בין נישט קיין מענש פון קיין אַוואַנטיורעס און פון קיין סקאַנדאַלען. דעריבער שרײַב איך דיר געלאַסען און אויפריכטיג. און אויך צו איהם האָב איך הײַנט אַוועקגעשריבען אַ בריעף, און איך פערלאָז מיך אויף זײַן אַנשטענדיגקײַט, אַז ער וועט מיר געבען אַ קלאָ-רע תשובה, און די זאַך וועט רעגולירט ווערען אויפ׳ן אַנשטענדיגען

אַרט, און עס וועט נישט קומען, חלילה, צו לײַטיש געלעכטער און צו סקאַנדאַלען, ווי עס ווינשט דיר

דײַן באמת געטרײַער מאַן, וואָס איז
יעדענפאַלס דײַן בעסטער פרײַנד
קלמן ברויכשטוהל.

---

## № 41.

### איטשע מאיר שערענײַיס און איטשע מאיר פעקעליס פון די נאַלעווקיס (וואַרשאַ) צו חיים סאַראָקער אין מאַריענבאַד.

(איבערזעצט פון העבעראיש).

פריער צום פילגעעהרטען געהויבענעם און געאַכפערטען הערר, דעם געלעהרטען און אויפגעקלעהרטען רב חיים סאַראָקער — פריער אָהן אַנ׳עק.

נאָכדעם, ווי מיר בעגריסען דעם געעהרטען הערר, ווי דער מנהג איז, טוען מיר זיך נעהמען צום אַלעם ערשטען ערלויבונג צו ווינשען איהם אַ גיכע היילונג און אַ רפואה שלמה הן אין זײַן קערפער והן אין זײַן געלד, און דער אַלמעכטיגער זאָל איהם ברענגען אין פריעדען אַהײַם צו דער רוהונג און צו דער ערבשאַפט אין גיכע צײַטען און ער זאָל נישט וויסען מעהר פון קײַן שום קרענק און פון קײַן שום שמערצען מיט׳ן כלל ישראל פון הײַנט און ביז אײַביג — אמן.

אצונד טוען מיר מאַכען פאַלען אונזער געבעט פאַר די הויכקײַט פון אונזער הערר, ער זאָל אַראָבנײַגען זײַן אויער און צוהערען צו אונזער קול, צום קול פונ׳ם בלוט פון דײַן ברודער, וואָס טוט שרײַען פון אַ ווײַט לאַנד אויף דער אונרעכט, וואָס ווערט אונז געטאָן אָהן אַ שום עולה אין אונזערע הענד, מיר האָבען געזאָגט, לאָמיר דערצעהלען האָטש אַ טויזענד חלק פון אונזערע יסורים און האַרצוועהטיג — איז אָבער מיעד יעדע צונג צו רעדען, יעדע פעדער צו שרײַבען, און ס׳איז קורץ די דעק אויף צו פערשפרײַטען. און נאָר אין קורצע ווערטער וועלען מיר זיך פרובען געבען אַ ווידער-קול פון אונזער אויסגע-

שרעה, וואָס רײַסט זיך אַרויס מיט אַ גוואַלד פֿון די ווענט פֿון אונזער האַרץ. הערט אונז אויס, וועט אײַך אויסהערען גאָט.

מיר, די אונטערגעשריבענע אויף דעם דאָזיגען בריעף, זענען וואַרשאָווער יונגע-לײַט, וואָס זענען נישט לאַנג אַראָב פֿונ'ם טיש פֿון זײַער פֿאָטער און האָבען געשיקט אין האַנדעל זײַערע הענד, און גאָט האָט געבענשט דאָס טועלץ, וואָס זיי האָבען געטאָן, און זײַער אַרבײַט האָט געמאַכט וואַקסען פּירות און זײַער נאָמען האָט זיך געשטאַרקט אויף דער וועלט, און ווי דער מנהג איז פֿון אונזערע ברידער, די קינדער פֿון ישראל: ווי באַלד נאָר די זון פֿון הצלחה טוט אַ לײַכט צו זיי מיט איהר פּנים, אַזוי הויבען זיי אָן צו פֿערשווענדען דאָס, וואָס זיי האָבען אָנגעזאַמעלט מיט די מיעדקײַט פֿון זײַערע הענד, און געלד איז, ווי גאָרנישט בײַ זיי אין די אויגען, און מעהר פֿון אַלץ ברענגען זיי זיך אויס אויף די ווײַבער פֿון זײַער יוגענד, און זײַערע ווײַבער הויבען אָן פּיהלען מיט אַמאָל אַלערלײַ וועהטיגען אין זײַערע אַלע איברים און זיי הויבען אָן פֿאָרשטען צו די אָפּגעטער פֿון דער מעדי-צין, וועלכע צעשיקען די דאָזיגע קרענק אין אַלע עקען פֿון דער וועלט צו זוכען אַ תּרופֿה צו זײַער וואונד, און ווי אומעטום ווערען זיי געשיקט אין יענעם מאָדנעם קוראָרט, וואָס איז בעוואוסט מיט'ן נאָמען מאַריענבאַד.

עס פֿערשטעהט זיך פֿון זיך זעלבסט, אַז מיר האָבען מקיים גע-ווען דעם דין פֿון מאַריענבאַד מיט אַלע פּונקטען און פּיטשעווקעס און מיט אַלע זעקס הונדערט און דרײַצעהן מצוות, וואָס הענגען אָפּ אין דעם. נישט געשוינט האָט אונזער אויג אויף קיין געלד, און אַלץ, וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט: טו — דאָס האָבען מיר געטאָן. און מיר האָבען אַרויסבעגלײַט אונזערע געליבטע ווײַבער קיין מאַריענבאַד, און געלד האָבען מיר געטאָן אין זײַערע כּלים, און מיר האָבען צו זיי געזאָגט: „געהט אויף אין אַ גוטער שעה און אין אַ גליקליכער אין יענ-נעם פֿרוכטבאַרען לאַנד, וואָס טוט רינען מילך און האָניג, און געפֿינט דאָרט אײַער הײַלונג, נײַערט איהר זאָלט אונז נישט פֿערגעסען און זאָלט פֿון צײַט צו צײַט מאַכען פֿליהען צו אונז אײַערע צײַכענס און אײַערע נאַכריכטען פֿון אײַער פֿריידען און פֿון אײַער וואָהל-זײַן ביז עס וועט קומען דער גליקליכער טאָג פֿון אײַער צוריקקעהרען אין אײַער נעסט אַרײַן צו אײַערע מאַנען, די הערדען פֿון אײַער יוגענד".

אַזוי האָבען מיר געזאָגט צו אונזערע געליבטע ווײַבער און זיך

אָפּגעזעגענט מיט זיי, און זיי האָבען פערלאָזט מיט פריידען דאָס לאַנד פון זייער געבורט און זענען געקומען אין דעם לאַנד, וואָס זיי האָבען אויסדערוועהלט, דאָס הייסט קיין מאַריענבאַד, און האָבען אונז צוגע־זאָגט צו שיקען נאַכריכטען פון צייט צו צייט, און האָבען געהאַלטען וואָרט, געשריבען אונז בריעף פון דעם שטאַנד פון זייער געזונד, און פון די וואַסערען, וואָס זיי טוען דאָרט שעפּען פון די קוואַלען פון הילף. נאָר פּלוצים איז פערשטאָפּט געוואָרען יעדער זעהונג פון זיי. די פאָכט האָט פערמיטען צו ברענגען אונז זייערע נאַכריכטען. פער־אָרימט און אויסגעטריקענט זענען געוואָרען אַלע קוואַלען פון זייערע שרייבעכצען, וואָס זיי פלעגען צו אונז שרייבען, ביז מיר האָבען פער־לוירען אונזער קאָפּ און מיר זענען געוואָרען אין אונזערע אויגען גלייך, ווי מיר חלומ'ן, און פּלוצים האָט מען אונז אויפגעעפענט אונזערע אוי־גען און ס'איז אונז פערענטפערט געוואָרען אַלע קשיות. מע האָט אונז בעוויזען שוואַרץ אויף ווייס, ווער ס'איז דאָ דער שולדיגער און ווער ס'איז דאָ דער בעזער שליח. אין לעבען וואָלטען מיר נישט געגלויבט, ווען מיר זאָלען נישט זעהען מיט אונזערע אויגען און נישט דערקענען אייער האַנדשריפט און די האַנדשריפט פון אייער געעהרטען שוואָגער געקריצט אויף פּאַפּיער. זעהר געעהרטער און געהויבענער הערר! מיט די גלאַטקייט פון אייערע צונגער און מיט די זיסקייט פון אייערע רעד האָט איהר ביידע זיי געטאָן פאַנגען אין אייער נעץ. פולע הויפענס ליעבשאַפט האָט איהר געטאָן אויסגיסען אין זייער שוים אַריין און איהר האָט געמיינט, ווייזט אויס, אַז קיין מענש וועט נישט וויסען, קיין בע־שעפעניש וועט נישט זעהען. אוי ווער געשריגען! ווער וואָלט דאָס גע־גלויבט, אַז דאָרט אין דעם ווייטען מאַריענבאַד, וועט זיין אָנגעגרייט נאָך פון נעכטען דער גיהנם? ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז אונזערע ריינע פרומע ווייבער, וואָס אין דערהיים אין וואַרשאַ וואָלטען זיי אויס־געלעבט זייערע יאָהרען און וואָלטען נישט געוואוסט פון קיין זינד, זאָלען אַזוי געשטרויכעלט ווערען? ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז אין אַזאַ צייט, וואָס איז אַ צרה פאַר יעקב'ן, און ישראל איז אַוועקגעגעבען געוואָרען צו רויבער, אין אַזאַ צייט, ווען יודיש בלוט גיסט זיך, ווי וואַסער אין הויפט פון אַלע גאַסען, ווען שונאים פרעהען זיך און טאַנ־צען אויף אונזער חרפּה, ווען די פייַלען ווערען געשאַרפט אויף אונז פון אַלע זייטען און שווערע וואָלקענס רוקען זיך אָן אויף אונזער הימעל — אין אַזאַ צייט זאָלען יודען, בעווייבטע יודען, טאַטעס פון

מאַריענבאַד, געוועזן אָסטענדע, געקומען צוריק מאַריענבאַד. געזוכט בעלצי. אַלעמען געדראַטעט. קיינער דראַטעט נישט. ווער אין שטוב? דראַטעט וואו בעלצי? זאָל איך פאָהרען קעשעניוו? דראַטעט דרינגליך.

סאַלאָמאָן קורלענדער.

## № 95.

בעלצי קורלענדער, וואַרשא, צו שלמה קורלענדער, מאַריענבאַד.

יאַמאַיטשיכע אויסגעטראַכט ליגען. געפאָהרען מאַריענבאַד — בערלין — וואַרשאָ. געוועזן פערהאַלטען גרעניץ אַלעקסאַנדראָוואָ. דריי מאָל געדראַטעט שיקען געלד. אַלע זאַכען פערפאַלען. איצט געקומען. וואָס האָסט דו געטאָן? איבער דיר ברוינשטוהל גט׳ען. מאַריאַמטשיק שוין געג׳גט. אסתר געפעהרליך קראַנק. סאַראָקער סטראַשעט קרימינאַל שאַנטאַזש פאָדלאָג. לויפערמאַן, ברוינשטוהל, שערענצים, פּעקעלים עדות. טשאַפּניק גאַראַנטירט צערייבען. וויל 3000. דראַטע.

בעלצי.

## № 96.

שלמה קורלענדער, מאַריענבאַד, צו בעלצי קורלענדער, וואַרשאָ.

טויזענד דאַנק. גוטע נאַכריכט! כ׳האָרך סאַראָקער קאָטער. כ׳געב לויפערמאַן פייג. טשאַפּניק 3000 מכות. כ׳פאָהר שנעל־צוג בערלין־וואַרשאָ. כ׳קוש.

סאַלאָמאָן.



שלום עליכם.

# כַּתְרִילֶעווקער נִשְׂרָפִים.



ווארשא — 1913

פֿערלאַג
„פֿאמיליען-ביבליאטעק".

פֿערקויף:
געזעלש. „צענטראל", וואַרשא.

# כַּתְרִילֶעווְקֶער נִשְׂרָפִים.

(אַ מעשה פון די קליינע מענשעלעך).

---

## קַאפּיטעל א.

די גרויסע, שענע, אַלטע גוי'עשע שטאָדט יעהופּעץ, וואָס האָט זיך פון פאַר טויזענד יאָהרען, נאָך בימי וולאַדימיר דעם הייליגען, געוואָרפען אין דער לענג און אין דער ברייט, באַרג אַראָפּ, באַרג אַרויף אויפ'ן ברעג פונ'ם אַלטען גרויסען דניעפּר, האָט שוין לאַנג אַזעלכע מינים יודען נישט געזעהען, ווי איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען — סוף זומער איז דאָס געוועזען. מע קאָן נישט זאָגען, אַז די דאָזיגע נישט-יודישע שטאָדט איז, חלילה, זשעדנע אַ יודען אויף אַ רפואה. אדרבה, עס איז בעוואוסט, אַז זי האָט צו טאָן פון קדמונים נאָר מיט יודען, גלייך ווי איהר פעהלט שוין מעהר נישט, ווי מע זאָגט, קיין זאַך, נאָר יודען און קאָפּוועהטאָג. ווען איהר זאָלט נישט קומען אַהין צופאָהרען אָדער ווען איהר זאָלט דאָרט נישט עפּענען אַ בלאַט-צייטונג, איז דאָס ערשטע, וואָס קומט אייך פאַר די אויגען — „יודען". אַזוי פיעל און אַזוי פיעל יודען האָבען זיך אָנגעגעבען אין אוניווערזיטעט — און מען האָט זיי נישט צוגענומען. אַזוי פיעל און אַזוי פיעל יודען האָט מען געפּאַקט ביינאַכט אויף איין „אָבלאַווע" — און מען האָט זיי יאָ צוגענומען. אַ שטייגער ס'זאָל זיך אַמאָל טרעפען, חלילה, פערקעהרט: אַז די יודען פון אוניווערזיטעט זאָל מען יאָ צונעהמען, און די פון „אָבלאַוועס" נישט — דאָס איז אַ זאַך, וואָס עס קאָן נישט זיין, אַזוי ווי עס קאָן נישט זיין, למשל, אַז בעת איהר זענט שטאַרק הונגעריג זאָלט איהר על-פּי טעות טרעפען מיט'ן ביסען צו יענעם אין מויל אַריין.

הכלל, וואָס זשע זענען דאָס געווען פאַר אַ מינים יורען אין יענעם פריהמאָרגען, וואָס מיר דערצעהלען? — דאָס זענען געווען כתרילעווקער בעלי-בתים. און נישט נאָר סתם בעלי-בתים, נאָר אויסגעקליבענע, אויסדערוועהלטע צוליעב זעהר-זעהר אַ וויכטיגער זאַך, צוליעב זעהר-זעהר אַ גרויסע מצוה; דאָס זענען געווען איינס אין איינס, די שענס-טע, די חשוב׳סטע בעלי-בתים פון שטאָדט, דער סאַמע צימעס פון כתריל-עווקע. איך וואָלט אייך זיי אָנגערופען בײַ די נעמען — איז נישט נויטיג. אַ כתרילעווקער יוד אַן עוסק במצוה זוכט נישט בײַ דער וועלט קיין כבוד און איז נישט געוועהנט געוואָרען, אַז זײַן נאָמען זאָל זײַן געדרוקט אין דרויסען אויף די בלעטער; פאַר איהם איז גענוג דאָס ביסעל כבוד, וואָס ער האָט אויפ׳ן אָרט און ער דאַנקט גאָט, אַז ער װערט חאָטש נישט געזידעלט פון די זײַניגע...

צווישען די דאָזיגע אויסדערוועהלטע איז געווען איינער אײַן על-טערער, גאָר איין אַלטער מאַן, אַ יוד אַ זקן, אַריבער שמונים, וואָס נעהט שוין אײַנגעבויגען, אָנגעלעהנט אויף איין אַלטען שטעקען, אָבער ער האַלט זיך נאָך, קיין עין-הרע, גאַנץ נישקשה׳דיג. אָנגעטאָן איז ער געווען שבת׳דיג: אין אַ זײַדענער שרײַענדיגער רעזעוואולקע, אָהן אַר-בעל, אויף איין אַלטער נאָר אַטלעסענער צעהאַקטער קאַפאָטע, מיט אַ שטרײַמעל אויפ׳ן קאָפּ און מיט שיך און זאָקען אויף די פיס. דער איבעריגער עולם איז שוין געווען נישט אַזוי יום-טוב׳דיג אָנגעטאָן. דערפאַר זענען זיי אָבער געווען יום-טוב׳דיג געשטימט. געגאַנגען מיט אימפעט, אַ ביסעל אָנגעצויגען, נערוועז, געטראָגען בײַכיגע טלית-ותפילין׳ס און זאָנטיקעס, משונה מאָדנע גרויסע פּאַראַסאָלען, וואָס נאָר איין גאָט ווייסט דעם אמת — אויף וואָס בעדאַרף מען זיי, אַז קיין רעגען געהט נישט און די זון ברענט נישט. דער מחבר פון דער דאָזיגער געשיכטע האָט שוין לאַנג בעמערקט, אַז עס געפינען זיך יו-דען אַזוינע, וואָס קאָנען זיך נישט צעשיידען מיט׳ן שירם סאַי זומער, סאַי ווינטער. וויפיעל איך האָב מיך שוין אָנגעזעהען אויף מײַן לעבען מיט די דאָזיגע מינים יודען, האָב איך נאָך במעט קיינמאָל נישט גע-זעהען, דער שירם זאָל זײַן בײַ זיי איין אויפגעשטעלטער איבער׳ן קאָפּ, ווי עס וואָלט אײַגענטליך בעדאַרפט צו זײַן. מעהרסטענטייל בעגעגענט איהר אַ יודען לויפען אײַנגעבויגען, דער ווינט בלאָזט, שמײַסט אין פּנים אַרײַן, צענעמט איהם די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע און פערקאַ-טשעט איהם פון הינטען, מחילה, איבער׳ן קאָפּ — און ער מיטן

שירם: טיאפ-ליאפ, פיטש-פאטש איבער די ליטקעס פון די פיס. איך בין א בעלן געווען א מאל אבשטעלען אזא יודען, בעטראכטען דעם שירם, איהם נעהמען אין האנד אריין — וועגט ער, נישקשה, שענע עטליכע פונט. ס'איז איהם כמעט אונמעגליך צו עפענען. און אז איהר האט איהם שוין אויפגעעפענט, מעגט איהר זיך שוין געזעגענען: איהר וועט איהם צוריק אזוי גיך נישט פערמאכען. די שטעקלעך זיינע שטעלען זיך פאפעריק מיט די קעפלעך ארויף און פון דעם שירם ווערט א מין פאראשוט, וואס ביי א רעכטען ווינט קאן דאס אייך, חלילה, אויפהויבען און אוועקטראגען אינאיינעם מיט'ן זאנטיק ווייט ווייט ארויף, אונטער דער חמארע, כמעט ווי מיט איין אעראפלאן... נאר לאמיר אוועקווארפען די זאנטיקעס און זיך אומקערען צוריק צו אונזערע יודען.

געגאנגען זענען זיי געשמיידיג, גלייך ווי עמיצער וואלט זיי געטריבען האלז-אין-נאקען, אדער גלייך, ווי זיי וואלטען מורא האבען פערשפעטיגען ערגיץ אויף א שמחה, א סעודה אדער אזוי איין אסיפה. און גערעדט האבען זיי הויך אויף א קול און אלע אינאיינעם און מיט הענד, ווי געוועהנטליך. נאר זעלטען האט געטראפען, אז מען האט זיך אבגעשטעלט, פערלעגט די הענד ארונטער און בעטראכט די הויכע שענע רייכע מויערען פון שטאדט, זיך גארנישט געקאנט זאט אנקוקען.

— געפעלט אייך, א שטייגער, אט דאס הייזעל? — רופט זיך אן איינער, פעררוקט דאס היטעל, אטעמט ווי א בלאז-זאק און מאכט מיט די זייטען, ווי איין איינגעמיעדט פערדעל. — איהר זעגט עפעס א מבין אויף דאס הייזעל? שוין איין מאל א הייזעל!

— יא, נישקשה פון א הייזעל, — ענטפערט איהם דער אנדערער שטיל און קוים וואס ער זשיפעט.

— וואס, רעכענט איהר, בעדארף עס קאסטען דאס הייזעל? — מאכט איינער א יאדישליוועך מיט גלאנצענדיגע אויגען און נעמט זיך מיט ביידע הענד אונטער די זייטען.

— דאס הייזעל? — ענטפערט איהם איינער מיט א ברייטען שטערען, ווייזט אויס א בעל-חשבון און א מבין אויף הייזער. — איך רעכען, אז דאס הייזעל מיט'ן פלאץ בעדארף זיין ווערט אט דא, אין דעם שטעדטעל, נישט ווינציגער פון א מאה אלף.

— חא-חא-חא! — צעלאכט זיך א יונגערמאן מיט א בלאס פנים, וואס נאר-וואס האט זיך אנגעהויבען שיטען אויף דעם א בערדעל. מאה

אלף, זאָגט איהר? לאָמיר עס אַלע פערמאָגען, וואָס מעהר...

— בהמה! — רופט זיך אָן דער יאַדישליוועֶר מיט די גלאַנ־צענדיגע אויגען — וויבאַלד אַז ווינשען, לאָמיר זיך שוין בעסער ווינ־שען פאַרמאָגען, וואָס מע איז שולדיג אויפ'ן דאָזיגען הײַזעל!...

און עס קײַטעלט זיך אַ שמועס וועגען הײַזער, אַ לאַנגער שמועס, אָהן אַ שום צוועק, דאָס איז מעהר נישט אַז אײַן אויסרעד. אײַגענ־טליך, זענען זײַ שוין אַלע רעכט מיעד פונ'ם געהן באַרג־אַרויף און וואָלטען אַלע חשק געהאַט זיך אָבשטעלען אויף אַ ווײַלע איבערחאַפּען דעם אָטעם.

— אַ פּנים, ס'איז אײַך שווערליך, רבי, צו געהן באַרג־אַרויף? אפשר וואָלט איהר אײַך צוגעזעצט אָט דאָ ערגיץ אויף אַ ווײַלע אָברוהען?

דאָס איז געזאָגט געוואָרען צום אַלטען, וואָס איז געגאַנגען נישט קוקענדיג אויף זײַנע אַכציג יאָהר, מיט פעסטע טריט, אויף־צו־פריהער. און אַלע אויסדערוועהלטע קתרילעווקע האָבען זיך אָבגע־שטעלט אויף אַ ווײַלע, אויפגעהויבען די אויגען און גענומען זוכען אײַן אָרט פאַר'ן אַלטען אויף צו צוזעצען זיך. נאָר אײדער זײַ האָבען צײַט געהאַט אַרומקוקען זיך, וואו זײַ זענען אין דער וועלט, איז אַרויסגע־וואַקסען, ווי פון אונטער דער ערד, אַ נפש, אַ בעוואָפּענטער פון אוי־בען ביז אַראָב, מיט אַ רויט פּנים און מיט ווײַסע הענטשקעס, און— גלײַך אויף זײַ!... אַלע אויסדערוועהלטע האָבען דערפיהלט, אַז ס'איז בײַ זײַ פערקיהלט געוואָרען דער מאַמעס מילך, און אַלע אויגען האָ־בען זיך געווענדעט צום אַלטען, וואָס וועט ער זאָגען? דער אַלטער האָט אָבער נישט געזאָגט דאָס צווײַטע וואָרט. ער האָט זיך נאָר אָנ־געלעהנט אויפ'ן אַלטען שטעקען און געגאַנגען מיט די זעלבע פעסטע טריט פאָראויס, ווי אײַן אמת'ער גבור, און אַלע נאָך איהם, אַזוי אַז דער אַנגעוואָפּענטער נפש איז געבליבען שטעהן אין דער היהנער־פּלעט, נישט צו וויסען, וואָס טוט מען מיט זײַ? פערהאַלטען? — ווײַסט ער נישט פאַר וואָס. וועמען שטערען זײַ? דורכלאָזען? — ווי אַזוי ווערט מען נישט געוואָהר, וואָס דאָס זענען פאַר מינים בעשעפעני־שען אויף דער וועלט? האָט ער אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צוריק און נאָכגעקוקט זײַ מיט די אויגען ביז העט העט אַרויף. דאָרט האָבען זײַ זיך אָבגעשטעלט און אָנגעקלונגען אין אַ טויער פון אַ רײַך גרויסאַר־טיג הויז.

איצט פרעגט זיך: וואוהין זענען דאס געגאנגען, אייגענטליך, די דאזיגע אויסדערוועהלטע פון כתרילעווקע? צו וועמען און צוליעב וואס? דאס איז מען געגאנגען צו די נגידים קלייבען נדבות, בעטען ברויט, וועקען רחמנות אויף די ארימע עלענדע שטאדט כתרילעווקע. איין אומגליק האט געטראפען אין כתרילעווקע. איהר קענט מיך נישט פון נעכטען. איהר ווייסט, אז איך בין נישט קיין מענש פון אנזאגען שלעכטע בשורות. נאר וואס זאל מען טאן — עס איז געקומען די צייט, וואס איהר דארפט עס וויסען:

רבותי! כתרילעווקע איז אבגעברענט געווארען!

---

# קאפיטעל ב.

## פישעל רייסט די וועלט.

יא, ליעבע פריינד, כתרילעווקע איז אבגעברענט געווארען, נאר איהר מיינט עפעס גלאט אזוי אבגעברענט געווארען?

עס זענען דעם זומער, נישט צו פערזינדיגען, אבגעברענט געווארען געגוג יודישע שטעדט און שטעדטלעך. נאר וואס דען? ס'איז א חלוק, ברענען צו ברענען איז נישט גלייך. כתרילעווקע האט זיך געוואלט, א פנים, אויספיינען פאר דער וועלט, האט זי זיך אנגערופען צו די איבעריגע יודישע שטעדט: „וואס? איהר ברענט? הא-הא! לאזט מיך, אט וועט איהר זעהען, ווי א שטאדט ברענט!" און כתרילעווקע האט זיך אנגעצונדען ווי א ליכט... נאר נייז. מיר לאזען איבער די בעשרייבונג פון כתרילעווקע שרפה פאר אונזער קאלעגא, פישעל דעם קארעספאנדענט — דאס איז זיין ארבייט. באלד אויף מארגען נאך דער גרויסער שרפה האט פישעל קארעספאנדענט, וואס איז אליין אויך אבגעברענט געווארען, קוים מיט'ן לעבען ארויס, ערגעץ געקריגען מיט נסים א טינט און פעדער און האט צעשיקט קארעספאנדענציעס אין אלע יודישע צייטונגען אין זעהר א שענער מליצה-שפראך און מיט א זעלטען שענער האנדשריפט בזה הלשון:

„א קול אין הימעל טוט זיך הערען! די טאכטער כתרילעווקע וויינט אויף איהר גרויסען אומגליק — זי וויל זיך נישט טרייסטען! א בראך אויף א בראך! א וואונד אויף א וואונד! כתרילעווקע איז נאך

נישט געקומען צו זיך נאָך דער „בהלה", וואָס אויף איהר איז געווען, האָט זיך אויסגעגאָסען אויף איהר אַ נייער גרים-צאָרן, זי האָט אויסגעטרונקען דעם ביטערען כוס פון גאָט'ס האַנד — אַ פייער האָט אַראָבגענידערט פונ'ם הימעל און אָנגעצונדען די שטאָדט פון איין עק ביז'ן אַנדערן עק, אויסגעלעקט ביז'ן אָבגרונד — נישט געהאַט קיין רחמנות אויף די הייליגע בתי מדרשים, און אויך קינדער, קליינע, זויגענדיגע פון דער ברוסט, זענען אַרויף מיט'ן פייעריגען פלאַם אין הימעל אַריין. און אויך אַלטע מענשען, אָרימע, קראַנקע און שוואַכע, זענען געווען איין עסענוואַרג פאַר'ן פייער אינ'ם טאָג, וואָס גאָט האָט אונז געטאָן בעשטראָפען בכפל כפלים פאַר אונזערע גרויסע זינד, און אפילו אויף זיין הייליגער תורה האָט גאָט קיין רחמנות נישט געהאַט, זי איז פערברענט געוואָרען אינאיינעם מיט'ן אַלטען בית-המדרש, און מיר געפינען זיך איצט אונטער דער דעק פונ'ם הימעל עלענדע, נאַקעטע און באָרוויסע, הונגעריגע און דאָרשטיגע, און ווי די אינדען אויף די אויסגאַנגען פון די וואַסערן, אַזוי קוקען אַרוים אונזערע אויגען צו אונזערע בּאַרמהערציגע ברידער, די קינדער פון די בּאַרמהערציגע: מיר בעטען אייך! דערבאַרעמט אייך! לייטזעליגט אונז! לאָז אויפגעוועקט ווערען רחמנות אין אייערע גוטע הערצער און לאָזען אייערע בעוויליגטע הענד אויסשטרעקען אונז הילף וואָס גיכער, וואָרום מיר זענען פאַראָרימט געוואָרען זעהר! זייט אונז אַ דערנעהרונג און לאָזט נישט פערלוירען געהן דאָס איבערגעבליבענע ביסעל יעקב!"...

דאַכט זיך, וואָס וואָלט געווען פאַר איין אומגליק, אַז די דאָזיגע האַרצרייסענדע קאָרעספּאָנדענציע, וואָס איטליכס וואָרט איז אַ זיפץ און איטליכס אות — אַ טרער, זאָל טאַקי, חלילה, זיין געדרוקט אין אַ יודיש בלאַט? ניין. האָט מען גענומען פישעל'ס האָרעוואַניע נעבאַך צו פערקירצען, קוועטשען און אַרויסקוועטשען פון איהר דאָס תמצית, און מען האָט ערגיץ אין אַ ווינקעלע מיט גאַנץ קליינע אותיות אַריינגעקוועטשט קוים דרייטהאַלבען שורה'לעך.

„אָבגעברענט כתרילעווקע, נישט בעגאַנגען זיך אָהן מענשליכע קרבנות. מע בעט הילף".

אמת, די צייטונגען פערענטפערן זיך אפילו, אַז זיי זענען נישט שולדיג. זיי האָבען, זאָגען זיי, פונ'ם דאָזיגען פישעל פון כתרילעווקע כמעט אַלע טאָג אַ קאָרעספּאָנדענציע; זיי זאָלען וועלען, זאָגען זיי, דרוּען אַלסדינג, וואָס דער דאָזיגער קאָרעספּאָנדענט שרייבט זיי, וואָלטען

זיי בעדארפט, זאגען זיי, ארויסגעבען פון די קליינע מענשעלעך וועגען א בעזונדער בלאט און האלטען א בעזונדערע דרוק מיט בעזונדערע מענשען.

טאקי נאר חדושים און געגוג! קומט צו עפעס, אזוי ווערט כתרילעווקע ביי איטליכען גרויס אין די אויגען. די זעלבע רעדאקטארען און ארויסגעבער, אז זיי האלטען ביי ארויסלאזען נייע בלעטער מיט נייע ביכער, זשאלעווען זיי נישט פאר כתרילעווקע קיין לאנגע שענע בריימע פראספעקטען, שעמען זיך ניט אנרופען די קליינע מענשעלעך מיט׳ן נאמען „פיעל געעהרטע און זעהר געליעבטע אבאנענטען”. אמת, מיט קיין סך אבאנענטען אויף זייערע בלעטער אין כתרילעווקע קאנען זיי זיך נישט בערימען — ארום און ארום האבען זיי אין גאנץ כתרילעווקע בסך-הכל איין אבאנענט, זיידעל, אונזער אלטער בעקאנטער זיידעל רב שעיה׳ס, וואס ביי איהם געניסט שוין אויף צו לייענען אונזער קארעספאנדענט פישעל און נאך איהם אלע איבעריגע, וואס גאהרען נאך א געדרוקט ווארט. נאר וואס געהער זיך עס אן מיט פישלען? פאר וואס געהען זיינע אלע בריעף מיט אלע זיינע שרייבעכצען גלייך אונטער׳ן טיש אין קויש אריין, נאך איידער מע ווייסט, וואס דארטען שטעהט? פאר וואס, אז סע קומט אונטער א יום טוב און דער רעדאק-טאר טרעט ארויס מיט שענע געצאצקעטע ווערטער וועגען דעם פאלק ישראל, צעהיצט ער זיך און זאגט:

„ווער האט געצעהלט דעם שטויב פון יעקב׳ן?

און ווער האט גערעכענט די צאהל פון די ריטער ישראל?”

מיינט ער נישט אויך די קליינע מענשעלעך בתוכם? צי למשל יענע מוסר-זאגער, די וואס זעצען אויס אונזערע פעהלערען, רופען אונז אן מיט די שענע נעמען „עקספלאאטאטארען”, „וועלטפרעסערס”, „בלוטזויגערס” וכדומה, מיינען זיי דען נישט אויך די כתרילעווקער יודען בתוכם? כתרילעווקע מעג טאקי אויף זיך זאגען: „צו א פגירה בין איך אויך א בהמה”.

מיינט גישט פון דעסטוועגען, אז נאך דער שרפה האט מען זיך בענוגענט נאר מיט פישעל׳ס קארעספאנדענציעס אליין: עס זענען צעשיקט געווארען אויך בריעף — זעהר שענע מליצה-בריעף, טאקי פישעל׳ס ארבייט, בכל תפוצות ישראל, אומעטום וואו עס איז פאראהאן ערגיץ א גביר מיט א נאמען, וואס לאזט זיך הערען אויף דער וועלט. קיין יעהופעץ, קיין אדעס און קיין מאסקווע, און קיין לאנדאן, און

אַפילו קיין פּאַריז, צום גרויסען-גרויסען רויטשילד אַליין. עס זאָל אייך קיין חדוש נישט זיין, ווי קומט דאָס, וואָס כתרילעווקע זאָל אָנשפּאַרען אַזש קיין פּאַריז, צו רויטשילדען? שטעלט אייך פאָר אַ מעשה, אַז אַ צייט מיט יאָהרען פלעגט כתרילעווקע בעקומען אַלע ערב פּסח פון פּאַריז, פון רויטשילדען, אויף רב יוזיפעל'ס אַדרעס הונדערט פראַנק מעות-חטים. אמת, שוין פון אַ צייט, אַז רויטשילד האָט אויפגעהערט זיי צו שיקען מעות-חטים, מע ווייסט נישט, פאַר וואָס; נאָר פון דעסט-וועגען שרייבען זיי צו איהם בריוולעך אַלע מאָל, ווען עס מאַכט זיך עפּיס ביי זיי אַ שמחה אָדער, חלילה וחס, נישט אַזאַ שעה אויסגע-רעדט זאָל זיין, איין אומגליק. אַי פאַרוואָס האָבען זיי פון איהם קיין שום תשובה נישט שוין אַזוי פיעל יאָהרען? דאָס איז קיין קשיא נישט! אפשר האָט זיך איהם צוגעגעסען לייענען זייערע לאַנגע מגילות? — קרעפּלעך עסען, זאָגט מען, ווערט אויך נמאס! און אפשר איז די אַדרעס נישט געשריבען, ווי עס געהער צו זיין? און אפשר האָט זיך געטראָפען דאָרטען ביי רויטשילדען אין פּאַריז דאָס, וואָס להבדיל, ביי פרעה מלך מצרים האָט זיך געטראָפען, ווי אין פּסוק שטעהט: ויקם מלך חדש — ס'איז אויפגעשטאַנען אַן אַנדער מלך, אשר לא ידע את יוסף — וואָס האָט זיך געמאַכט נישט וויסענדיג... איך רעד פון רויטשילד'ס סעקרעטאַר, פון דעם, וואָס נעמט אָב די פּאָסט און לייענט איבער אַלע בריעף. די וואָס געפעלען דעם סעקרעטאַר, די בעווייזט ער איהם, און די בריעף, וואָס געפעלען איהם נישט, זאָגט ער; „זה חליפתי, זה כפרתי — און מאַרש אונטער'ן טיש..." פאַר געווים ווייס איך נישט; נאָר איך מיין, אַז אַזוי בעדאַרף עס זיין.

הקצור, איהר זעהט שוין, אַז כתרילעווקע איז, ברוך השם, אַזאַ שטאָדט, וואָס זי שטעהט אין פערבינדונג, קאָרעספּאָנדירט מיט דער גאַנצער וועלט. און וויבאַלד עס האָט זיך נאָר געטראָפען ביי זיי דאָס גרויסע אומגליק, אַזוי האָט מען שוין די רגע געגעבען צו וויסען דורך פישעל קאָרעספּאָנדענט, אויסגעפּויקט איבער דער גאַנצער וועלט און געוואַרט, אַרויסגעקוקט: טאָמער וועט זיך עמיצער אָנרופען אויף דער גרויסער צרה, וואָס זיי איז געשעהען.

# קאַפּיטעל ג.

## כתרילעווקע ברענט ווי אַ ליכט.

פון וואַנען האָט זיך גענומען דאָס אומגליק? — פון דעם אַלטען כתרילעווקער מרחץ, וואָס מיר האָבען עס שוין אַמאָל בעשריבען. אַן אָבאַפּעלעק האָט זיך איינמאָל אין אַ דאָנערשטאָג אָנגעצונדען און עס האָט באַלד אַ חאַפּ געטאָן דעם דאַך, און עס האָט נישט געדויערט קיין סך — איז דאָס גאַנצע מרחץ געווען איין שטיק פייער. און אַז „אדם" מיט „חוה'ן", דער בעדער מיט די בעדערין, זענען אַרויסגע-שפּרונגען פון באָד קוים לעבעדיגע, איז דאָס ערשטע, וואָס זיי איז געקומען אויף דער מחשבה: „אוי-וועה, דער רבי!" — אין איין כהרף-עין איז „אדם הראשון" (דער בעדער) געווען אין שטוב, און ווי מען טראָגט אַ קליין קינד פון וויגעלע, אַזוי האָט ער אַרויסגעטראָגען דעם רב רב יוזיפעל אויף זיינע געזונטע גרויסע הענד, און רבי יוזיפעל דער רב האָט ווי אַ קליין קינד זיך פערשטעלט די אויגען פונ'ם פייע-ער, וואָס האָט בעלויכטען דעם גאַנצען טייך מיט די ווערבעס, מיט'ן געמייזעכטס, מיט אַ גאַנצען שטיק הימעל, וואָס אַהין האָט זיך געצוי-גען דאָס פייער און געקייקעלט דער רויך, דער געדיכטער רויך, דורכגעוואָרפען אַלע מאָל גרויסע און קליינע פונקען און אַלץ האָט מיט אַמאָל בעקומען איין אַנדער פנים, אַ מאָדנעם חן, געוואָרען רויט; דער טייך רויט, דער הימעל רויט, די ווערבעס רויט, די מענשען רויט — רבי יוזיפעל האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ מין רויטקייט און אַזאַ מין שענקייט נישט געזעהען, און ער האָט נישט געקאָנט איינהאַלטען זיך פון התפעלות. און אַז „אדם הראשון" האָט איהם אַנידערגעשטעלט אויף דער ערד, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין: „ווי שען איז גאָט'ס וועלטיל און וואונדערליך!" — און האָט זיך אָבער באַלד פער-חאַפּט און אַ קעהר געטאָן זיך צו „אדם" מיט „חוה'ן":

— קינדערלעך, האָט עס אייך, חלילה, נישט געשאַדט אין די נפשות? דאַנקען השם יתברך, וואָס איהר זענט נישט געשטראָפט גע-וואָרען מיט פייער...

— נישט געשטראָפט געוואָרען מיט פייער? — האָט זיך דער בעדער נישט געקאָנט איינהאַלטען און אַ זאָג געטאָן מיט אַ ביטער

געלעכטער, — מיט וואָס דען האָט אונז גאָט געשטראָפט: מיט וואַסער?

— נישט דאָס מיין איך, — פערענטפערט זיך דער רב — איך מיין דעם נס, וואָס מיר זענען ניצול געוואָרען מיט'ן לעבען, געלויבט דער בורא.

— מיט'ן לעבען? וואָס טויג אונז שוין דאָס לעבען, אַז מיר האָבען נישט קיין באָד?

— רעדסט ווי אַ קינד — מאַכט צו איהם רב יוזיפעל און פער־שטעלט זיך מיט ביידע הענד פונ'ם פייער — ווי אַ קינד רעדסט דו! וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז דו בעדאַרפסט האָבען אַ באָד? אַז דו ביזט געבוירען געוואָרען ביזט דו דען געבוירען געוואָרען, נאַרעלע, מיט אַ באָד? ציי דו האָסט געהערעכענט איבער הונדערט יאָהר אויף יענער וועלט, אם ירצה השם, קומען מיט אַ באָד? אמאָל איז געווען אַ מלך...

און רב יוזיפעל האָט געוואָלט דערצעהלען זעהר אַ שענעם משל מיט אַ מלך, ווי זיין שטייגער איז; האָט איהם דער בעדער, מחילה, אי־בערגעשלאָגען סאַמע אין אָנהויב:

— וואָס מיר מלך? ווער מיר מלך? איהר טוט בעסער אַ קוק, זייט מוחל, ווי דאָס פייער קוויקעלט זיך מיר עפּיס, עפּיס אַהין, אין שטאָדט אַריין, און דער ווינט בלאָזט מיר עפּיס צו געשמיידיג: איך האָב מורא, עס זאָל נישט אָנגעהמען לוי-מרדכי דעם קצב'ס שטוב מיט די שטאַלען, דעמאָלט איז זיי געזונד, כתרילעווקע!..

און ווי אין אַזאַ שעה אויסגערעדט — עס האָט אַ וואָרף געגע־בען דאָס פייער אויף לוי-מרדכי דעם קצב'ס שטוב מיט די שטאַלען, און עס איז מיט אמאָל בעלויכטען געוואָרען אַ נייער שטיק הימעל. עס האָט זיך געלאָזט הערען אַ קנאַקען מיט אַ טרישטשען, מיט אַ מעקען פון ציגען, און עופות אַ פּאָר האָבען זיך פון ערגיץ געלאָזט לויפען הענדום-פּענדום אַראָב אַ באַרג, צעלאָזט די פליגלען און אויפגעבלאָזען די פעדערן, און גיך איז בעלויכטען געוואָרען דער גאַנצער באַרג מיט דער גאַנצער שטאָדט מיט'ן גאַנצען הימעל. אַ משונה-מאָדנער געשריי מיט אַ הילך לאָזט זיך הערען פון שטאָדט אַזש אַהער, דאָס געשריי וואַקסט אַלעמאָל שטאַרקער און שטאַרקער און ווערט צענויפגעגאָסען אינאיינעם מיט אַ בילען פון הינט, מיט די רעווען פון קיה, מיט אַ קוויטשען פון ווייבער, מיט אַ וויינען פון קינדער און מיט אַ שרייען: „וואַסער! עמער! ראַטעוועט! גיכער! סע נעצט! סע ברענט!" —

פלוצים זעהט מען שפּרינגען אַראָב אַ באַרג צום טייך אַ האַלעוועשקע

אויף פיער פיסלעך; די האלעוועשקע טאנצט, מאכט מיט די הערנער און פליהט גלייך צום טייך, דערלויפט נישט אבער און פאלט אנידער און ציהט זיך אויס אויף דער ערד מיט די פיסלעך ארויף, און ציטערט, ווי פאר'ן טויט, און לאזט ארויס אויף א צוגעלעגערט קול, א מארנע: מע-מע-מע! — דאס האט א ציעג נעבאך פאר גרויס נארישקייט גענו־מען און איז אריינגעשפרונגען אין פייער אריין און האט באלד חרטה געקריגען און ארויסגעשפרונגען צוריק; ס'איז שוין אבער געווען שפעט — ס'האט זיך אנגעצונדען אויף איהר דאס פעלצעל און גיך פערסמאליעט געווארען, האט זי זיך געלאזט לויפען האפ-האפ משוגענערווייז גלאט אזוי אין דער וועלט אריין, אהן א שום פלאן און אהן א שום שכל.

נישט קיין גרעסערער שכל איז געלעגען אינ'ם לויפען פון די כתרילעווקער יודען און ווייבער, וואס האבען זיך געווארפען פון איין גאס אין דער אנדערער, ווי פער'סמ'טע מייז, אדער ווי נישט דערקוי־לעטע היהנער, שווארץ פון רויך, ווי די מלאכי-חבלה, און אנגעזאגט איינם דאס אנדערע א בשורה:

— איהר ווייסט? אלי-דוד ברענט!

— איהר ווייסט? עס האלט שוין ביים מארק.

— איהר ווייסט? סע ברענט די גאנצע שטאדט! א דונער איז מיר, די גאנצע שטאדט!

— ווי א ליכט! ווי א סטערינעווע ליכט.

און סע בושעוועט דאס פייער און סע שטורעמט ווי דער ים, אז ער צעשפיעלט זיך, און דער ווינט טראגט גאנצע האלעוועשקעס, גאנצע סנאפעס שטרוי, און פונקען פליהען אהן א שיעור. די פונקען פאלען אויף די גוט-אויסגעטריקענטע פון אלטקייט שטרויענע און הילי־צערנע דעכער און עס הערט זיך א קנאקען מיט א וואלגערען, א פאט־לען מיט א זעצען, א ברעכען מיט א טרישטשען — און דאס אלעס הערט ווי צענויפגעגאסען אינאיינעם מיט'ן געשריי און מיט'ן היליך, מיט'ן קוויטשען און מיט'ן וויינען, און שדים, רוחות, נישט קיין מענ־שען, לויפען, דער אהין, דער אהער, משוגענערווייז, ווארפען זיך אויף אלע זייטען ווי פער'סמ'טע מייז, ווי נישט דערקוילעטע היהנער, און דאס גרויסע ליכטיגע פייער בעלייכט און בעשיינט זייערע וויסטע פינסטערע איבערגעשראקענע פנים'ער — און כתרילעווקע ברענט, ברענט ווי א ליכט.

# קאַפּיטעל ד.

## רב יוזיפּעל האַלט מלְחָמָה מיט'ן רִבּוֹנוֹ-שֶׁל-עוֹלָם.

אַז דאָס מרחץ האָט נאָך געהאַלטען אין ברענען, האָט זיך נישט „אדם”, נישט „חוה” אַרומגעקוקט אויפ'ן רב רב יוזיפּעל. נאָר שפּעטער, אַז פונ'ם באָד איז נאָר געבליבען דער אייזערנער קעסעל מיט'ן קוי-מען (אפילו די מקוה האָט אויך אויסגעברענט ביז'ן דעק), האָבען „אדם” מיט „חוה'ן” זיך געגעבען אַ חאַפּ צום רבי'ן — נישטאָ דעם רבי'ן! אומזיסט האָבען זיי איהם געזוכט ביים ברונען, ביים ברעג פונ'ם טייך, ביים געמייזעכטס און נאָכדעם אין שטאָדט, צווישען די ברענענדיגע גאַסען.

— האָט איהר נישט בעגעגענט ערגיץ דעם רבי'ן? — האָט דער בעדער זיך נאָכגעפרעגט ביי די אַנטלאָפּענע אומגליקליכע נשרפים פון שטאָדט. נאָר די אומגליקליכע אַנטלאָפענע פון שטאָדט זענען געווען אַזוי צוטומעלט, אַז זיי האָבען גאָרנישט געהערט, וואָס מע רעדט צו זיי, און געפרעגט, ווי פער'חדוש'טע, געקוקט מיט מורא'דיגע אויגען:

— וואָסער רבי'ן? וועמענס רבי'ן?

וואו זשע איז געווען דער רב רב יוזיפּעל? רב יוזיפּעל דער רב, אַז ער איז געקומען צו זיך און דערזעהען, אַז די גאַנצע שטאָדט שטעהט אין סכנות, האָט דאָס איהם אויפגעטראָגען אין דער לופטען און ער האָט געחאַפּט דאָס אַלטע אַרויסגעראַטעוועטע שטריימעל מיט'ן אַלטען שטעקען און האָט זיך געלאָזט געהן צו זיינע יודען אין שטאָדט אַריין, גאָרנישט טראַכטענדיג, וואוהין ער געהט און צוליעב וואָס. פאַר זיינע אַכציג יאָהר איז דאָס געווען נישקשה פון אַ שפּאַציער. נאָר דערזעהען פאַר זיך אַ גאַנצען ים פון פייער, האָט ער נישט געפיהלט די פיס. עס האָט איהם געטראָגען ווי אויף פליגלען אַהין, אַהין, צום אַלטען בית-המדרש צו, וואו ער האָט כמעט דאָס גאַנצע לעבען זיינס פערבראַכט מיט גאָט. שוין-זשע וועט דער אויבערשטער נישט טאָן קיין נס מיט זיין אייגען הויז? שוין-זשע וועט דער רבונו-של-עולם נישט בעשיצען זיין תורה, זיין אייגענע תורה?

מיט די דאָזיגע מחשבות איז אונזער רב יוזיפּעל אָנגעקומען צום אַלטען בית-המדרש פונקט אין דער צייט, ווען אַרום און אַרום האָט

געבוזשעוועט דאָס פײַער. רויטע צונגען האָבען זיך געריסען פון אַלע זײַטען און האָבען בעלויכטען דעם־האַלב אײַנגעפאַלענעם דאַך מיט די אָבגעקאָלופּעטע געלע ווענט פון דעם אַלטען־אַלטען כתרילעווקער בית־המדרש. אָט־אָט, נאָך אַ מינוט — און גאָט'ס הויז ווערט ארומגענומען מיט פײַער.

און רב יוזיפּעל קאָן נישט משיג זײַן מיט'ן שכל, ווי שווײַגען דאָס יודען? פאַרוואָס ראַטעוועט־מען נישט דאָס בית־המדרש? די הײליגע ספרים? ספרי־תורות? אָנשטאָט דעם זעהט ער לויפען יודען הין און צוריק, ווי ווילדע ברואים, שפּרינגען אין פײַער אַרײַן, ראַטעווען אַלטע קראַנקע ווײַבער, קלײנע קינדער, בענקעלעך, בעטליך, קישענס, טעפּלעך, סקאַרב און בעבעכעס — און גאָט'ס הויז האָט מען פערגעסען, מפקיר געווען — ווי געשיקט זיך עס?!.. רב יוזיפּעל פּרובט זיך שרײַען, רופען צו הילף: „דאָס מקום־קדוש! דאָס בית־המדרש!” — קײנער הערט איהם נישט. נאָך אַ מינוט — און רב יוזיפּעל איז אַלײן אין שוהל און גלײַך צום אָרון־קודש, אַרויסגעצויגען אײן ספר־תורה און די אַנדערע ספר־תורה, קוים אַרויס מיט'ן לעבען אויף דער גאַס, אַוועקגעלעגט זײ ווײַט פאַר דער טהיר אויף אַ צעבראָכען בענקעל, וואָס עמיצער האָט אַרויסגעשלײַדערט פון אַ שטוב און אַלײן אַוועקגעשטעלט זיך נעבען זײ און אָנגערופען זיך צום רבונו־של־עולם אויף אַ קול:

— וואָס איך האָב געקאָנט, האָב איך געטאָן. וויפיעל איך האָב געקאָנט, האָב איך אַרויסגעראַטעוועט; די איבעריגע ספרים האָב איך איבערגעלאָזט אויף דיר. איך טרעט נישט אָב פון דאַנען אויף אַ רגע אפילו, לאָמיר זעהען, ווי אַזוי דו וועסט פערברענען דײַן אײגענע תורה, וואָס דו האָסט אונז געגעבען דורך משה דײַן קנעכט אויפ'ן באַרג סיני!...

אין דער מינוט איז אָנגעקומען דער בעדער, אונזער בעקאָנטער „אָדם הראשון”. דאָס האַרץ האָט איהם געזאָגט, אַז דער אַלטער דאַרף זײַן ערגיץ בײַ דער שוהל. דערזעהען דעם רבי'ן שטעהן נעבען כרעַ־נענדיגען בית־המדרש, האָט „אָדם הראשון” נישט געמאַכט מיט איהם קײן לאַנגע מחזקות, איהם אַ נעם געגעבען אין זײַנע געזונטע האָרעַ־פּאַשנע אָרעמס און אײנאײנעם מיט די צוויי ספרי־תורות איהם אַוועקגעַ־שלעפּט פון פײַער צוריק, אַראָב־אַראָב, צום אָבגעברענטען מרחץ, וואָס בײַם ברעג פונ'ם טײַך.

# קאַפּיטעל ה.

## נאָכ'ן חורבן.

דער מנהג פון דער וועלט איז, אז בשעת מלחמה קוקט מען זיך אַזוי ניִשט אַרום אויפ'ן אומגליק, ווי נאָכדעם, און די געפאַלענע צעהלט מען ערשט דעמאָלט, אז עס ווערט אויס געשלעג, און אז אַלעס געהט איבער, הויבט מען ערשט דעמאָלט אָן אונטערפיהרען חשבונות, ווי־פיעל מען האָט אין דער הריגה פערלוירען.

אין כתריליעווקע איז אויך אַזוי געווען. מע האָט אָנגעהויבען זיך אַרומקוקען, ווי ווייט דאָס אומגליק איז גרוים, ערשט אויף מאָרגען נאָך דער שרפה. תחילת האָט מען, געוועהנטליך, דערצעהלט איינער דעם אַנדערן חדושים, ווי אַזוי און ווען און וואו מע איז געוואָהר געוואָרען, אַז עס ברענט; דערביי האָט איטליכער, געוועהנטליך, געהאַט צו דערצעהלען זיין מעשה, אַ לאַנגע מעשה: ווי אַזוי ער איז נעכטען, ווי אויף צו־להכעיס, געקומען פריה פאַרנאַכט אַהיים, מחמת אַ גאַנצען טאָג איז ניִשט געווען וואָס צו טאָן, און, ווי אויף צו־להכעיס, איז ער דעם אויפדערנאַכט געווען הונגעריג, ווי אַ הונט, און, ווי אויף צו־להכעיס, איז ניִשט געווען וואָס צו עסען, האָט ער זיך אויף צו־להכעיס געלעגט פריה שלאָפען, און, ווי אויף צו־להכעיס, האָט ער מחמת הונגער ניִשט געקאָנט אַנשלאָפען ווערען, און, ווי אויף צו־להכעיס, איז ער אַ האַלבע שעה פאַר דער שרפה דוקא אַנשלאָפען געוואָרען, און דוקא געשמאַק. פלוצים הערט ער אַ גוואַלד: „סע נעצט, סע ברענט!"...

דער אַנדערער דערצעהלט אַ שענערע מעשה, און נאָך אַ לענגערע ווי יענער: ווי אַזוי ער איז נעכטען אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה, כמעט פאַרטאָג, און איז אַרויסגעקומען אין מאַרק אַריין, געמיינט, טאָמער וועט ער עפּיס האַנדלען, וואָס ס'וועט זיך מאַכען: אַ טהוירעל, אַ ביסעל פּאַלאָווע, אַ זעקעל קאַרטאָפליעס, אַבי עפּיס פערדיענען. צום סוף — איז ניִשטאָ קיין לעבעדיגער נפש: סך הכל איין ערל מיט אַ זעקעל קויהלען. פרעגט ער איהם: „גוי, וואָס ווילסט דו פאַר די קויהלען?" זאָגט ער: „אַ גילען". פרעגט ער: „אפשר וועט זיין גענוג אַ גריוונע?" זאָגט ער: „אַ גילען". ער האָט זיך איינגע'חזר'ט אַ גילען —

האָטש נעם גיב איהם אַ קרענק! האָט ער אַוועקגעקויפט בײַם ערל דאָס זעקעל קויהלען, געגומען דאָס זעקעל קויהלען, מחילה, אויף די פּלייצעס — און אַזוי ווײַטער און ווײַטער, אַ מעשה אויף דרײַ זייגער-שעה, ביז ער קומט אַרויף אויף דער שׂרפה. און סע לאָזט זיך אויס, אַז בשעת די שׂרפה האָט זיך אָנגעהויבען, איז ער געשלאָפען ווי אַ געהרג'עטער, מע האָט איהם קוים-קוים אויפגעוועקט.

דער דריטער דערצעהלט נאָך אַ שענערע מעשה. הויבען הויבט ער אָן אַזש פון עהערנעכטען, און דערצעהלט אַ לאַנגע-לאַנגע מעשה, נאָך אַ לענגערע פון יענער, וואָס מיט'ן זעקעל קויהלען, און פלוצים ביישט זיך אַרײַן אין'ם שמועס אַ יודינע און לײַקענט אָב די גאַנצע מעשה:

— ווײַס איך וואָס זיי ווילען אײַך דערצעהלען מעשיות, נעכטיגע טעג! אָט וועל איך אײַך דערצעהלען, ווי אַזוי ס'האָט זיך אָנגעהויבען: איך האָב דעם דאָזיגען דאָנערשטאָג, וואָס פאַר דער שׂרפה, געהעשטשינעט חלה פון דער מעהל, וואָס בעריל ברכה'ס האָט געבראַכט צופיהרען, שענע מעהל, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען, אַזאַ יאָהר אויף אונזערע שונאים, אַז בסך-הכל חאַפּט זי גאָר אַ ביטערקײַט...

און סע געהט אַוועק אַ געשיכטע פון דרײַ זייגער-שעה, אַיין ערצעהלונג פון ביטערע מעהל, מיט ביטערע הייוועם, מיט אַ מולטער, וואָס איהרע אַ שכנה, פעסיל הייסט זי, אַ פעסיל פון גאָט!... און אַזוי ווײַטער — אַ מעשה אָהן אַיין עק, און עס ווײַזט זיך אײַך אויס, אַז צו דער שׂרפה וועט זי נישט קומען קיינמאָל, פיעל זי וועט לעבען!

און אינאיינעם מיט די דאָזיגע שענע מעשיות און ערצעהלונגען פון דער שׂרפה לאָזט זיך הערען אויך אַ געוויין, אַ יללה, אַ יאָמער, אַ קלאָג פון פערביטערטע הערצער, פון בעלייידיגטע נשמות, פון פערוואָגעלטע, עלענדע, אָרימע, אָרימע, אָרימע! דאָרט שטעהט אַ מוטער און ברעכט די הענד און קלאָגט אויף איהר ברעקעלע קינד, וואָס איז פערברענט געוואָרען נעבעך אינאיינעם מיט'ן וויעגעלע; און דאָרט בעוויינט אַ יוד שטילערהייד זײַן אַלטען קראַנקען פאָטער, וואָס איז גראָד יענע נאַכט געשלאָפען אויפ'ן בוידעם. קיינמאָל נישט און איצטער יאָ, און איז דאָרט פערברענט געוואָרען צו אַש... און דאָ געהט אַרום אַ מיידעל און שלאָגט זיך מיט די הענד אין קאָפּ: די מאַמע! די מאַמע! די מאַמע!

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

האב קיין פאראיבעל נישט, פריינד לעזער, וואס איך האק איבער אין מיטען. מיין מוזע, די וואס שטעהט איבער מיר בשעת'ן שרייבען, איז, ווי אלע כתריל'עווקער לייט, א פרעהליכע נשמה, איין אָרימע, נאר א פרעהליכע. זי האט פיינד טרערען, זי האלט נישט פון טרויעריגע סצענעס. זי זאגט, אז טרערען זענען נאר די, וואס זענען נאס און געזאלצען; די אלע איבעריגע טרערען, וואס דער שרייבער גיסט אויף פאפיער — דאס זענען, זאגט זי, טרוקענע, געמאכטע טרערען, וואס האבען נישט קיין ווערט. זי האלט, אז א וועהטאג איז נישט דער, וואס מע גיט איהם איבער, נאר יענער, „וואס טוט וועה"... דערפאר לאזען מיר איבער די שרעקליכע טרויעריגע סצענעס, געהען אוועק פון דאנען א ביסעלע ווייטער און שטעלען זיך אב נאר ביי די היזקות, וואס מיינע כתריל'עווקער בעלי-בתים האבען געהאט פון דער שרפה. דער חסרון איז אבער, וואס עס לאזט זיך גאר נישט בערעכענען דער גרויסער היזק, וואס כתריל'עווקע האט געהאט. דאס איז נומער איינס. והשנית, וואס וועט העלפען דאס רעכענען? א פנים, עמיצער וועט זיי דען אומקעהרען? די געזעלשאפטען, וואס אסעקורירען פון פייער, האבען זיך ווי צענויפגערעדט און האבען שוין כתריל'עווקע לאנג אויסגעשטריכט פון דער לאנד-קארטע, גלייך ווי ס'איז גאר קיינמאל קיין כתריל'עווקע נישט געוועזען אויף דער וועלט אפילו! הייגט גלאט, ווער איז דאס אימשטאנד צו שאצען יענעמס גוטס, ובפרט נאכדעם, אז ס'איז שוין לאנג אוועק מיט'ן ווינט און מיט'ן רויך? בעל-הבתישקייט בכלל און כתריל'עווקער בפרט האט גאר איין אנדער ווערט, וואס לאזט זיך נישט שאצען. אלטע שמאטעס, צעבראכענע דראבעס, זענען ביים ארעמאן אזוי טייער (אויב נישט נאך טייערער), ווי די שענסטע שפיגלען מיט די טייערסטע כלים ביים נגיד. ביים נגיד, אז סע ווערט פערפאלען א זאך, קאן ער פאר געלד קויפען איין אנדערע זאך; דעם אָרימאן ווער וועט אומקעהרען דאס, וואס דאס פייער האט צוגענומען?...

אזוי האבען גע'חקירה'ט די כתריל'עווקער נשרפים און האבען ארויסגעזעהען, אז מיט חקירה'ן און פילאזאפירען וועלען זיי גארנישט מאכען. מע בעדארף זעהען עפיס טאן, עפיס צוטראכטען, געפינען איין עצה, ווי אזוי ראטעוועט מען די שטאדט? ווי אזוי מאכט מען, אז די שטאדט זאל בלייבען א שטאדט? ס'איז קיין קונץ נישט, אז א גאנצע שטאדט זאל זיך צעקריכען איבער דער וועלט, זיך לאזען אי-

בער די הײזער און בעטען נדבות, ווי געוועהנטליכע „נשרפים". פע, דאס איז נישט קײן תכלית! מע בעדארף זעהען, אז כתרילעווקע זאל בלײבען כתרילעווקע! אט אויף וואס מע האט זיך געבראכען די קעפ.

פון די אלע פלאם-פײעריגע און הארץ-רײסענדיגע בריעף, וואס מע האט צעשיקט בכל תפוצות ישראל, האבען זיך אנגערופען סך-הכל א פאר שטעדטלעך, אויך אזעלכע ארימע ווי כתרילעווקע, און האבען ארײנגעשיקט ווער א ביסעל ברויט, ווער אלטע מלבושים און ווער עטליכע קערבלעך מזומנ'ע, און געקלעקט האט דאס אויף איין צאהן; די לאנגע האט אנגעהויבען ווערען שרעקליך! ס'איז געווארען אזוי ביטער, אז מע האט שוין אויפגעהערט ווײנען און קלאגען און אפילו קרעכצען. אזוי איז א מענש, וואס האלט בײ דערפרוירען ווערען, הויבט אן שטילערהײד אויסגעהן, אנשלאפען ווערען אויף אײביג... אט דא האט זיך, ווי אלע מאל, בעוויזען רב יוזיפעל דער רב מיט זײן קראפט, וואס גאט האט ארײנגעגעבען אינ'ם דאזיגען אלטען שוואכען גוף, און ער האט צענויפגעזאמעלט איין אסיפה פון בעלי-בתים, און דוקא ער אליין מיט זײן אײגענעם כבוד, נישט געשיקט קײן שמשים און נישט פערקליבען זיך אויבען-אן. נאר פראסט און פשוט אנידערגע-שטעלט זיך און אנגערופען זיך צום גאנצען עולם בזו הלשון:

— הערט צו, יודישע קינדער, וואס איך וועל אײך זאגען. נישט איך זאג עס, נאר דער, וואס לעבט אײביג, זאגט עס אײך מיט מײנע זינדיגע ליפען: זארגט נישט—איהר זענט באווילינגט! איך בין אײך מבטיח, אז עס וועט, אם-ירצה-השם, זײן גוט. וואס איז דער פשט? דער פשט איז אזוי: אמת, מיר זענען געשטראפט געווארען מיט פײ-ער, אבגעברענט געווארען אליין און פארברענט געווארען מיט די בתי-מדרשים, מיט די שוהלען, מיט הײליגע ספרים און אויך מיט לע-בעדיגע נפשות, קלײנע ברעקלעך קינדער, וואס זענען נעבעך גאט די נשמה שולדיג. אודאי איז דאס א גרויסער, א ביטערער שטראף, וואס מסתמא האבען מיר עס כשר פערדינט בײ דעם, וואס לעבט אײביג. נאר שטארק טרויערען דערויף טארען מיר אויך נישט. ערשטענס, ווע-לען מיר מיט אונזער טרויערען, וואס מיר וועלען טרויערען, גארנישט העלפען, והשנית, וועלען מיר בעווײזען פאר דעם, וואס לעבט אײביג, אז דער חורבן-כתרילעווקע איז פאר אונז, חלילה, ערגער פון חורבן ירושלים, חורבן בית-המקדש. א משל קענען א מלך. אמאל איז גע-זען א מלך, האט ער געהאט א בן-מלך, א בן-יחיד...

און רב יוזיפּעל דערציילט זיי זעהר אַ שענעם משל מיט אַ מלך, ווי זיין שטייגער איז תמיד צו דערצעהלען משלים פון מלכים, און ער לאָזט אויס מיט די דאָזיגע ווערטער:

— דערפון אַליין איז גרינג אַרויסצוזעהען, אַז מיר טאָרען נישט ווינדיגען. מיר דאַרפען זיך אָנטאָן אַ כּח, און לאָמיר, קינדער, נעהמען די שטעקענס אין די הענד און לאָמיר געהן אַלע אָפּריכטען גלות. פאָלגט מיך, קינדערלעך, איך געה אויך מיט אייך. איך בין אייך מבטיח, אַז וואוהין מיר וועלען קומען צוגעהן, וועלען מיר, אם ירצה השם, געפינען חן אין די אויגען פון אונזערע רייכע ברידער, און זיי וועלען אונז נישט לאָזען פאַלען. שטעהט אויף, יודען, גורט אָן אייערע לענדען און לכו ונלכה — לאָמיר געהן!

און בשעת מעשה גלייכט זיך אויס ביי רב יוזיפּלען דער רוקען און דאָס פּנים הויבט איהם אָן צו שיינען, און ער פיהלט זיך יונג און פריש, ווי אַ בחור, ווי אַ גבור, וואָס איז גרייט צו דער מלחמה, און אויך דער גאַנצער עולם דערפיהלט זיך, ווי עפּיס אויפגעמונטערט און מע איז גרייט אין וועג אַריין. עס בלייבט נאָר איבער איין זאַך: „וואוהין? וואוהין געהט מען פריהער? ס'איז פאַראַן, קיין עין הרע, אַזוי פיעל יודישע שטעדט און, קיין עין הרע, אַזוי פיעל נגידים!"...

---

# קאַפּיטעל ו.

## לאָז זיין שטיל — כּתרילעווקע פאָהרט!

דער פּסוק „מי ומי ההולכים" — ווער זאָלען זיין די פאָהרערס? האָט אַ ביסעל אויפגערודערט די שטאָדט, אָדער, ווי פישעל דריקט זיך אויס אין איינער פון זיינע קאָרעספּאָנדענציעס, „געמאַכט פון איהר אַ געפּרעגלעכטס". אויף דער דאָזיגער נסיעה האָבען זיך געפונען אין כּתרילעווקע אַ סך-אַ סך בעלנים. אַלע, די גאַנצע שטאָדט כּמעט, איז געוועזען גרייט צו פאָהרען! איטליכער האָט געוואָלט די מצוה, און אפשר טאַקי פּשוט — זיך אַ ביסעל דורכלופטערן, דורכטרייסלען די ביינער; מע ווערט פערשימעלט און פערקליאַנעט, זיצענדיג אויף איין אָרט. ביי איטליכען מענשען איז פאַראַן אַ יצר-הרע, וואָס רעדט אָן; עס ווילט זיך אַמאָל אָנקוקען אַ וועלט, זעהען זיך מיט מענשען און ברענגען

נאָכדעם אַ היים צופיהרען נייעס, פעק מיט נייעס, און באמת טאַקי, וואָס קאָן זיין נאָכמעהר איינגענומען פון דעם, וואָס אַז איהר קומט צופאָהרען פון ערגיץ אַ היים, שטעקט מען אייך פון אַלע זייטען שלום-עליכם׳ס, איטליכער שטופט זיך, וויל אייך זעהען, אַ קוק טאָן גלייך אין פנים אַריין. דאַכט זיך, וואָס? אַ פנים ווי אַלע פנים׳ער, נאָר פאָרט אַ בא מן הדרך, פאָרט איין אַנדער פנים! און אַז איהר רעדט, דערצעהלט נייעס פון וועג, חדושים פון דער גרויסער שטאָדט, קוקען אייך הונדערטער מענשען אין פנים אַריין, שלינגען מיט דאָרשט אייערע ווערטער און איהר שטעהט, קיין עין הרע, פאַר אַזאַ עולם און דער-צעהלט, און דערצעהלט, און איהר בעקומט מיט אַמאָל אַ מאָרנעם חן ביי אַלעמען אין די אויגען. איהר ווערט אַ גאַנצער „יש״ אין שטעדטיל, איין אָדם, אַ העלד אויף עטליכע טעג. אמת, די עטליכע טעג געהען איבער און דער העלד ווערט אפילו באַלד אויס העלד, ווערט אָן דעם גאַנצען חן און ווערט דער איינענער כתריִלעֶווקעֶר, וואָס אַלע; פונדעסטוועגען, ווער וויל דאָס נישט זיין קיין העלד? אויף אַ שעה, און דאָך אַ העלד! נאָר צוריק שמועסענדיג, איז דען מעגליך, אַז אַ גאַנצע שטאָדט זאָל זיך אויפהויבען און זיך לאָזען אויף דער וועלט? לכן איז געבליבען, מען זאָל אויסקלויבען אַ דעפּוטאַציע פון עטליכע געצעהלטע מענשען. און דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אויף דאָס ניי: מי ומי — וועמען קלויבט מען אויס? דאָס פערשטעהט מען אַליין, אַז קלויבען קלויבט מען די נגידים מיט די פיינסטע בעלי-בתים. נאָר געהט, אַ שטייגער, זייט חכמים און מאַכט אַ גרעניץ אין כתריִלעֶווקע צווישען אַ נגיד און צווישען נישט-קיין-נגיד, צווישען אַ פיינעם בעל-הבית און נישט-קיין-פיינעם בעל-הבית! אַז בסך הכל זע-נען אַלע כתריִלעֶווקעֶר פיינע בעלי-בתים, און די נגידים אַליין זענען אויך, עס זאָל אייך צו קיין חרפה נישט זיין, כמעט אָרימע לייט! נאָר אַז מע וויל שמועסען נאָך אַמאָל דאָס איינענע וויעדער צוריק, האָט דאָך יעדע שטאָדט פאָרט איהר „פני״. נאַרישקייטען! דעם בעֶ-דער מיט׳ן וואַסערפיהרער קאָן מען דאָך נישט שיקען. איז געבליבען, מע זאָל אויסקלויבען די גבאים פון אַלע שוהלען און פון אַלע חברות, און דעם אַלטען רב רב יוזיפעל, געוועהנטליך, אויך בתוכם, און מע האָט זיך צענויפגעפאַקט די פעקלעך, כיטגענומען איטליכער זיין קלאַ-פּערגעצייג — די טלית-ותפילין׳ס מיט די זאָנטיקעם מיט די איבעריגע בלי-זיין, און מע האָט געדונגען צוויי גרויסע בוידען — „בוּכטעם״,

און מען האָט זיך גאַנץ פֿײַן אָבגעזעגענט מיט דער שטאָדט, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען בעגלײַטען די אויסדערוועהלטע, געווינשעוועט, זיי זאָלען מצליח זײַן — און מען האָט זיך אין אַ גוטער שעה אַ מזל׳דיגער געלאָזט אין וועג אַרײַן.

צוויי מעת-לעת האָבען זיך אונזערע אויסדערוועהלטע געטרײַסעלט אין די „בוּדקעס״, איבער דער געהאַרטעוועטער בלאָטע, איבערגעהאַפּט דעם אָטעם אויף אַ קלײַנע צײַט נאָר דעמאָלט, ווען מען האָט בעדאַרפט אָבשטעלען זיך ערגעץ אין אַ קרעטשמע דאַוונען, אָדער עפּיס נעהמען אין מויל אַרײַן, אָדער אונטערפּאַשען די פערד — און ערשט אויפ׳ן דריטען טאָג האָט מען זיי, צעבראָכענע, צעהרג׳עטע, אויסגעמוטשעטע, געבראַכט צופיהרען צו דער באַהן, און די אויסדערוועהלטע האָבען זיך אַ לאָז געטאָן צו דער קאַסע אַלע מיט אַמאָל אויף דער-שטיקעניש און גענומען בילעטען. דער עולם, וואָס אויפ׳ן וואָגזאַל, האָט זיי אָבגעטרעטען דעם וועג, געזאָגט מיט ליצנות: „לאָז זײַן שטיל — כּתריל׳עווקע פאָהרט!״ און ווער שמועסט קריסטען — די האָבען זיך גאָר אָבגעשטעלט, מיט דרך-ארץ בעטראַכט די דאָזיגע יודעלעך, וואָס האָבען אַלע אינאײַנעם גערעדט אין אײַן אָטעם, און הויך אויף אַ קול, און געמאַכט בשעת מעשה מיט די הענד. און אַז ס׳איז געקומען צום ערשטען קלונג, אַז מען האָט זיך בעדאַרפט זעצען אין די וואַגאָנעם אַרײַן, איז צווישען די אויסדערוועהלטע געוואָרען אַ גוואַלד, מיט אַ בהלה, מיט אַ שטופּערײַ, אַ לויפערײַ מיט אַ געפּילדער, מיט אַ געשרײַ: „לײַזער! לאָזער! חנניה! מיכאל!״ — דער זשאַנדאַרם האָט אַ קוק געגעבען אויפ׳ן סטאַראָזש מיט אַזעלכע אויגען, אַז דער סטאַראָזש האָט זיך נעבעך געמוזט פערשטעלען דאָס געשטופּעלטע פּנים מיט בײַדע קולאַקעס, מע זאָל נישט זעהען, ווי ער לאַכט מיט׳ן גאַנצען ברײַטען מויל און שטשירעט די גרויסע ווײַסע צייהן, און אַרויסגעלאָזט האָט ער בשעת מעשה אַ קוויטש: „יאַק וואָראָני זליטאַליסיאַ זשידי!״ — און בײַ דער „בריגאַדע״ האָבען די כּתריל׳עווקער בעלי-בתּים גאָר וויניציג אויסגענומען. די קאָנדוקטאָרעס האָבען זיי אַרײַנגעשטופּט אַלעמען אין אַ בעזונדערען וואַגאָן צווישען פּראָסטען עולם, זיך בעגאַנגען מיט זיי עפּעס נישט אַזוי, ווי מיט פײַנע בעלי-בתּים, גבאים, דעפּוטאַטען, וואָס פאָהרען מכּח אַזאַ וויכטיגען ענין לטובת הכּלל... און דאָ, אין דעם וואַגאָן, האָט זיך פּאַר אונזערע אויסדערוועהלטע שוין אָנגעהויבען

אַ צעטעל פון צרות מיט אַנגסטען מיט יסורים מיט בזיונות — דער אמת'ער גלות.

ראשית חכמה, זענען זיי אַריין אין וואַגאָן, וואָס, אַז ס'זאָלען דאָרט ניט זיצען קיין מענשען, מענשען מיט מענשליכע פּנים'ער, וואָלטען זיי זיכער מיינען, אַז מע האָט זיי אַריינגעלאָזט, מחילה, צווישען דברים-אחרים. די בלאָטע איז געווען אַזוי גרויס, דער רויך איז געווען אַזוי בלוי, און געשמעקט האָט דאָרט אַזוי געדיכט, אַז אונזערע כתרילעווקער בעלי-בתים, וואָס זענען אַליין אויך ניט פון די גרויסע מפונקים, האָבען דערפיהלט, אַז עס ווערט זיי ענג אין האַלז אויף צו חלש'ען! הייסט די ענגשאַפט, וואָס דאָ איז! קעפ אויף קעפ! און אַלץ אַזעלכע פּראָסטע נפשות, אַרבייטער, מיט גרויסע, מאָדנע שמעקענדיגע טאָרבעס אויף די פּלייצעס, און מיט נאָכמעהר מאָדנע שמעקענדיגע לאַפּטיעס אויף די פיס, און דערצו רויכערען זיי זיך אונטער מיט אַזאַ מין טיטון, וואָס מע קאָן דערוואָרגען ווערען. נישטאָ וואו צו זעצען זיך. וואו זיי האָבען זיך ניט געגעבען קיין קעהר, געוואָלט זיך אַנידערזעצען, האָט מען זיי דורכגעטריבען: „פּאָשלאַ-וואָן, פּאַרחאַטיע, זאַניאַטאָ!" אויף אונזער לשון הייסט דאָס: „זייט זשע מוחל, רב יוד, ס'איז פערנומען"... דורך פערנומען! אפילו דאָרט, וואו ס'איז ניט פערנומען, איז אויך געווען פערנומען... און די כתרילעווקער אויסדערוועהלטע האָבען, מחילה, געמוזט שטעהן אויף די פיס, זיך צענויפגעשלאָגען אַלע אינאיינעם אין אַ ווינקעל, ווי די שעפעלעך, אַ ביסעל זיך געקוועטשט און געשטיקט, געשטיקט, און אַלץ גערעדט, גערעדט מיט הענד און הויך אויף אַ קול, און אַלע אינאיינעם, ווי געוועהנטליך.

און גערעדט האָט מען, פערשטעהט זיך, פון דער באַהן, פון חיינטיגע פּאָהרעלטסען, מבטל געווען, געמאַכט פּשוט אַ תל פון די שענע המצאות, וואָס מע האָט היינט אויסגעטראַכט, שטאַרק געבענקט נאָך דער כתרילעווקער בודקע, וואָס חאָטש דאָרט איז אויך גאַר נישט פוינעלדיג, דאָך נישט אַזוי פּאַסקודנע ווי דאָ...

— נאַראָנים! — אַזוי האָבען זיך געשמועסט אונזערע מפונקים — טפּשים! משוגעים האָבען אויסגעקלערט אַ באַהן! אַ טאַרעראַם! אַ טערעבענדע — חאַ-חאַ!

און דאָרטען, אין די הויכע פענסטער, זיצען הונדערטער טויזענדער געלעהרטע, אויפגעקלערטע מענשען, איינגעבויגען אין דרייען, סקריפּען מיט די פעדערס, שרייבען, מאָהלען, קלאַפּען דעפּעשען,

ברעכֿען זיך די מוחות, טראַכֿטען צו אַלע מאָל נײַע המצאות, ווי אַזוי מע זאָל בעסער פאָהרען, בעסער, גיכֿער, און ביליגער, האַלטען שוין בײַ לופט-שיפען, אַעראָפּלאַנען — און זײַ ווײַסען גאָרנישט, עס חלומ'ט זיך זײַ אפילו נישט, אַז דאָ, אין וואַגאָן, פאָהרען אַ בינטעל כּתריל'עווקער בעלי-בתּים, פאָרשטעהער פון שטאָדט, און קריטיקירען, זענען מבטל, מאַכֿען אַ תּל פון אַלע זײַערע המצאות און אויפטועכֿצען, און דוקא אויף אַ קול, בפהרסיא...

לאָז זײַן שטיל — כּתריל'עווקע פאָהרט!

---

# קאַפּיטעל ז.

## כּתריל'עווקע צווישען די „פעלקער".

אונזערע כּתריל'עווקער אויסדערוועהלטע האָבען זיך אַזוי לאַנג געשליפען די צינגלעך, געמאַכֿט חוזק איבער די באַהנען און איבער אַלע אַנדערע הײַנטיגע אויפטועכֿצען, ביז ס'איז זײַ נמאס געוואָרען און זײַ האָבען אָנגעהויבען אַרומקוקען זיך אויף אַלע זײַטען און אויסקוקען ערטער, און, געוועהנטליך, קודם-כּל איין אָרט פאַר'ן אַלטען רב רב יוזיפעל, וואָס איז שוין געווען נעבעך שטאַרק אויסגעמוטשעט פון דער נסיעה. און גאָט האָט זײַ געהאָלפען, זײַ האָבען דעם אָרט געפונען און האָבען בעזעצט דעם רבּי'ן נעבען איינעם אַ פּאַרשוין, אַ רעכֿטען חברה-מאַן מיט אַ רויט העמדעל איבער די הויזען און מיט אַ האַרמאָ-ניקע אין די הענד. אַ ביסעל איז דער חברה-מאַן געווען מבוסם'דיג, דאָס הײַסט, טאַקי רעכֿט בגילופין, אונטער'ן גלעזעל, מיט איבערגע-קעהרטע אויגען, געשפּיעלט אויף דער האַרמאָניקע און געזונגען בשעת מעשה זעהר אַ שען לידעל:

קאַסטיושקינאַ מאַט

סאָבּיראַלאַסאַ פּאָמיראַט —

סאָבּיראַלאַסאַ פּאָמיראַט.

אומיערעט ניע אומיערלאַ —

דאַראָם ווּרעמיאַ פּראָוויעלאַ!

און נאָך אַמאָל דאָס אײַגענע, שוין העכֿער מיט אַ טאָן:

קאַסטיושקינאַ מאַט

סאָבּיראַלאַסאַ פּאָמיראַט —
סאָבּיראַלאַסאַ פּאָמיראַט.
אומיערעט ניע אומיערלאַ —
דאַראָם וורעמיאַ פּראָוויעלאַ!
און טאַקי נאָך אַמאָל דאָס איינענע, נאָך העכער און נאָך גיכער:
קאַסטיושקינאַ מאַט
סאָבּיראַלאַסאַ פּאָמיראַט...
און אַזוי ווייטער, אָהן איין אויפהער, ווי אַ מאַשינע.

מילא, איז דאָס געווען אַ שכן חאָטש אַ פּרעהליכער. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט גאָט מזכּה געווען רב יוזיפלען מיט אַ נפש, איינעם אין אַ באַראַשקענעם פּעלץ, איז ער געווען בייז, אָנגע׳ברוגז׳ט אויף דער גאַנצער וועלט, און געהאַלטען אין איין שפּייען. יעדער שפּיי, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען מיט אַזאַ רציחה, גלייך ווי עמיצער וואָלט איהם דאָ דער׳רגזנ׳ט מיט איין איבעריג וואָרט. אַ גליק, וואָס רב יוזיפעל האָט דאָס נישט בעמערקט, רב יוזיפעל איז געווען גאָר נישט בהאי עלמא. זיינע מחשבות זענען געווען ווייט פון דאַנען, דאָרטען ערגיץ אין דער גרויסער שטאָדט, אַזש ביי די „גדולים״...

ווי אַלע כתריליעווקער יודען, האָט אונזער רב יוזיפעל געלעבּט אין עולם-הדמיון, אַרומגעגאַנגען שטענדיג אין הרהורים, אין פאַנטאַזיעס. האָט איהם די פאַנטאַזיע דאָ אויפגעחאַפּט אויף די פליגלען און האָט איהם אַוועקגעטראָגען גלייך אַהין, צום גרעסטען פון די „גדולים״... עס האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אַ פּאַלאַץ אַ גרויסער מיט גילדענע כּלים... אויבּען-אָן, אויף אַ שטוהל, זיצט דער גביר אַליין... דערזעהען יודען, שטעהט אויף דער גביר און גיט זיי אָב שלום און פרעגט זיי, וואָס איז זייער באַגעהר? שטעלט זיך אַרויס ער אַליין טאַקי, רב יוזיפעל הייסט דאָס, און זאָגט איהם: דאָס און דאָס, אַזוי און אַזוי... און ער לייענט איהם אַ צעטעל פון כתריליעווקע מיט איהרע יודען און מיט זייערע צרות, ווי אומגליקליך זיי זענען נעבּעך פון תמיד אָן, ובפרט אַצינד, נאָך דעם גרויסען חורבן... און דער גביר האָרכט אויס די גאַנצע מעשה ביז׳ן סוף און שטעהט אויף און געהט צו צו דער שאַפע און נעהמט אַרויס אַ היבשע פּויטיקע, און רופט זיך אָן צו איהם, צום רב הייסט דאָס:

— ווי מיינט איהר — עס וועט זיין גענוג?

— שייך זאָגען גענוג? — ענטפערט איהם רב יוזיפעל און רעדט

צו זיך אַליין, מאַכט בשעת מעשה מיט די הענד, מיט די אויגען און מיט'ן שטערן און זעהט גאָרנישט, אַז אַקעגען איהם, אויף דער באַנק, זיצען פאַרשוינען, פערשידענע פנים'ער, צווישען זיי אויך נקבות מיט רויטע פנים'ער, קנאַקען סעמעטשקעס, לאַכען גאַנץ געשמאַק און מאַכען חוזק פון אונזערע כתריל'עווקער לייט אין די אויגען, קרימען איבער, ווי אַזוי זיי רעדען און ווי אַזוי זיי מאַכען מיט די הענד און ווי אַזוי זיי טרייסלען מיט די פאות! און איבערהויפט האָט מען זיך געמאַכט לוסטיג איבער איהם אַליין, איבער דעם אַלטען רב יוזיפלען מיט'ן טיזליק און מיט'ן שטריימעל.

דאָס דאָזיגע לאַכען מיט'ן חוזק מאַכען איז אָבער געווען, ווי מע זאָגט, אָבגעגעבען ברויט; די כתריל'עווקער לייט פון זייער זייט האָבען אויך נישט געשוויגען, זיי האָבען געקריטיקירט, געפּראַוועט ליצנות צווישען זיך איבער די דאָזיגע פרעהליכע פאַרשוינדלעך, און איבערהויפט — איבער דעם עברה-מאַן, וואָס מיט'ן רויטען העמדעל, מיט דער האַרמאָניקע און מיט דעם שענעם ליעדעל, וואָס סע ווערט איהם גאָר נישט נמאס איבער'חזר'ן זיבען הונדערט מאָל אַלץ די איינענע ווערטער: „קאַסטיושקינאַ מאַט סאָבּיראַלאַס פּאָמיראַט — סאָביראַלאַס פּאָמיראַט”...

— אַ פּנים, אַז דער ערל האָט שוין היינט געמאַכט שהכל נהיה בדברו — בעמערקט איינער פון אונזערע כתריל'עווקער און דער אַנדערער חאַפּט איהם אונטער אויף לשון-קודש:

— מע זעהט דאָס אַרוים בחוש פון די עינים.

— אַ כּוֹס'ע און דוקא אַ גרויסע! — שטעלט אַריין אַ דריטער צום גראַם.

— יאָ, ער איז מלא! — רופט זיך אָן נאָך איינער און קוקט כלומר'שט נישט אויף איהם, נאָר אויף דער סטעלי, און נאָך איינער ענדיגט דעם פסוק:

— וגדוש על כל גדותיו... — און קראַצט זיך אונטער'ן קאָלנער.

— געפעלט אייך דער נגון, וואָס ער דבר'ט?

— אַ חסיד'יש ליעדעל מסתמא.

— מיט קלוגע ברבּורים!

— טיעף — שכל'דיג! די אמי פון קאַסטיושקינאַ איז שיער נישט מת געוואָרען. אַ קלייניגקייט...

אפילו רב יוזיפעל, וואָס איז ווייט פון ליצנות, האָט זיך נישט

געקאָנט איינהאַלטען און איז אַ בעלן געווען אַ פרעג טאָן מיט אַ שמייכעל ביי זיינע כתרילעווקער יודען: וואָס בעדייטען די דאָזיגע משונה מאָדנע ווערטער פונ׳ם ליעדעל? האָט זיך געפונען איינער, וואָס האָט איהם געגעבען צו פערשטעהן דעם פשט:

— ס׳איז געווען פערשטעהט איהר, איינער, אַ פנים, אַ קאַסטיושקע, אַ מענש, וואָס מע האָט איהם גערופען קאַסטיושקע, האָט דער דאָזיגער קאַסטיושקע געהאַט אַ מאַמע, האָט זיך די דאָזיגע מאַמע, זאָגט ער, געקליבען שטאַרבען, און איז נישט געשטאָרבען...

רב יוזיפעל לעגט צו קאָפּ, נאָר ער פערשטעהט נישט דעם שכל, וואָס דאָ שטעקט? וואָס הייסט — זי האָט זיך געקליבען שטאַרבען? שטאַרבען איז דען געווענדט אָן דעם מענשען? בעל-כרחך אתה מת — איבער נויט שטאַרבט מען...

— עם הדומה לחמור! פון וועמען רעדט מען? — רופט זיך אָב איינער פון די אויסדערוועהלטע און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און קנאַקט אויף דער חברה פון אויבען אַראָב, און באַלד בעקומט ער אַ קאָמפּלימענט פון איינעם פון דער חברה, וואָס קריכט זיך נאָך, ווי אַזוי יודען דאַוונען, דאָס הייסט: ער שלאָגט זיך מיט דער האַנד אין האַרצען אַריין און זאָגט מיט אַ מאָדנעם נגון: „טאַטעלי! מאַמעלי! טאַטעלי! מאַמעלי!‟ — און דער גאַנצער איבעריגער עולם ווערט צעשמאָלצען פאַר געלעכטער.

— מע לאַכט דאָס אָב פון אונז! מע לאַכט פון אַ יודען! אויסגעמעטים מאַכט מען פון אונז חוזק! — מאַכט איינער פון די אויסדערוועהלטע מיט אַ זיפץ און ווינקט מיט׳ן קאָפּ צום רבי׳ן, און דער רבי רב יוזיפעל קוקט אויף יענעם נפש, ווי ער וואַרפט זיך און ווי ער קריכט זיך.

— נישט פון אונז לאַכט ער, קינדעניו, — זאָגט רב יוזיפעל, — פון זיך לאַכט ער אָב, פון זיך אַליין! פון אונז איז נישטאָ וואָס צו לאַכען, נשמה מיינע; פון אונז דאַרף מען וויינען, וויינען און זיך אַ מוסר אַראָבנעמען, אַ מוסר: וואָס מיר זענען געווען און וואָס מיר זענען געוואָרען...

און רב יוזיפעל דערצעהלט דערביי זעהר אַ שענעם משל, געוועהנטליך, מיט אַ מלך, און דער עולם הערט אוים דעם משל, עס קאָן זיין, נישט דעם ערשטען מאָל, און יענער חברה-מאַן, וואָס מיט׳ן אַראָבגעלאָזטען רויטען העמדעל און מיט דער האַרמאָניקע, לאָזט זיך

אַראָב אַלעמאָל ניִדעריִגער און ניִדעריִגער מיִט אַ האַלבען טאָן (אַ פּנים, ס'איִז איִהם שוין אַליין אויך נמאס געוואָרען):

קאַסטיושקיִנאַ מאַט
סאָביִראַלאַס...
פּאָמיִראַט...
פּאָמיִראַט... פּאָמיִראַט...

— שלום-עליכם! — רופט זיִך אָן פּלוצים אַ פריִשער פּאַרשוין, גלייך ווי פון היִמעל אַראָבגעפאַלען. — פון וואַנען פאָהרען דאָס יודען און וואוהיִן? און וואָס האָט איִהר זיִך פערקליִבען גאָר אַהער, צוויִשען אָט די דאָזיִגע!... קומט צו אונז, איִן אונזער וואַגאָן אַריין. דאָרטען וועט איִהר חאָטש זיין צוויִשען אונזעריִגע, צוויִשען אייגענע...

---

# קאַפּיטעל ח.

## כתרילעווקע צווישען „אייגענע".

ווי פיִש, נאָר-וואָס געחאַפּטע איִן דער נעץ און אַריינגעלאָזטע איִן טייך אַריין, — אַזוי האָבען זיִך געפיִהלט אונזערע כתריִלעווקער דעלעגאַטען, אַז זיי האָבען זיִך איִבערגעפּעקעלט איִנ'ם אַנדערן וואַגאָן, צוויִשען „אייגענע", צוויִשען יודען. מע קאָן ניִשט זאָגען, אַז דאָרט זאָל געוועזען זיין אַ סך ריינער און אַ סך גראָמער, ווי איִנ'ם ערשטען וואַגאָן. עס קאָן זיין, אַז דאָ, אויפ'ן נייעם אָרט, איִז זיי געוועזען נאָך ערגער, ווארום דאָרטען, איִנ'ם פריִהעריִגען וואַגאָן, איִז דער עולם חאָטש געזעסען אַ סך אויף דער ערד, ניִשט געהאַט קיין איִבעריִגע פּעקלעך. אַ טאָרבע מיִט אַ פּאָר שטיִוועל — און איין עק. און דאָ, אויף דעם נייעם אָרט, צוויִשען יודען, איִז געוועזען דער טומעל אַ סך גרעסער, די ענגשאַפט אַ סך ערגער און איִבער די פּעקלעך איִז ניִשט געוועזען, וואו זיִך אַ קעהר צו טאָן.

דאָס איִז ידוע, אַז יעדער יוד האָט מיִט זיִך אונטערוועגס ניִשט וויִנציִגער ווי צוויי-דריי פּעקלעך, און ווייבער האָבען אַ חוץ די פּעקלעך אויך קיִשענס מיִט קאָלדרעס מיִט שמאַטעס. פון דער וועלט שמאַטעס. איִן וועג זעהען דעריִבער יודען אויס ניִשט נאָר ווי רייזענדע אַליין, נאָר ווי וואַנדערער, ווי עמיִגראַנטען, וואָס פאָהרען אַריִבער ערגיץ

זעהר אין אַ ווײַטע מדינה, דאָרט וואו ס'איז נישט צו קריגען פאַר קיין געלד נישט קיין קישענס, נישט קיין קאָלדרעס, נישט קיין שמאַטעס... און זיי פיהלען זיך דערפאַר אומעטום, ווי בײַ זיך אין דערהיים. יודען, וואוהין זיי זאָלען נישט פאָהרען, פיהרען זיי, ברוך־השם, מיט זיך זייער היים, זייער „געטהאָ" מיט זייער גלות, און דערפאַר, אַ פּנים, האָבען זיי אומעטום און אַלעמאָל טאַקי איין פּנים, בײַטען זיך אַזוי גיך נישט איבער און פיהלען זיך גוט נאָר דעמאָלט, ווען זיי זײַנען אַלע אינאײנעם. און די וועלט טוט זיי צוליבּ: איהר ווילט אינאײנעם — זײַט אײַך אינאײנעם...

אַרײַנגעטראָטען אין'ם נײַעם וואַגאָן און דערזעהען, אַז מע איז אין דער היים, צווישען „אײגענע", האָבען זיך אונזערע אויסדערוועהלטע צעלעגט, ווי בײַם טאַטען אין „ווײַנגאָרטען", אַוועקגעלעגט זייערע פּעק־לעך אויף יענעמס פּעקלעך, זיך געזעצט גאַנץ נאָהנט איינס נעבען דאָס אַנדערע, געבעטען יענעם זיך אַ ביסעלע אַ רוק טאָן, און קוים אַרײַנגעחאַפּט זיך, מאַכט שוין נישט אויס, מעג מען שוין יענעם אַ בּי־סעל צוקוועטשען, און פאַרוואָס טאַקי נישט אינגאַנצען אַרויסקוועטשען?... מע איז דאָך צווישען „אײגענע", צווישען יודען!...

און האָט קיין יסורים נישט: מע וועט זיך, חלילה, נישט קריגען, נישט זידלען איבּער אַזעלכע נאַרישקייטען. ווערטלעך זאָגען, געבּען יענעם אָנצוהערעניש — דאָס מהיכי תיתי. צום בּײַשפּיעל: אַז אײנער טרעט אָן דעם אַנדערן רעכטס אויפ'ן פוס, טוט יענער אַ שפּרונג אונ־טער און אַ זאָג כּלומר'שט אַזוי פערבּײַגעהענדיג:

— אוי האָט איהר, קיין עין־הרע, אַ האַרטען טראָט, פּעטער!

אָדער אַז אײנער שטעלט אַוועק זײַן טשעמאָדאַן כּמעט גלײַך אויף יענעמס פּלײַצע, מאַכט יענער חוזק נישט איבּער איהם, נאָר איבּער'ן טשעמאָדאַן, און טוט זיך אַ זאָג אונטער דער נאָז:

— הערט איהר? אײַער טשעמאָדאַן, האָט, אַ פּנים, קיינמאָל נישט געקרענקט.

אָדער אַז אײנער פערשטעלט דעם אַנדערן די שײַן, טוט ער איהם אַ זאָג:

— ווייסט איהר, וואָס איך וועל אײַך דערצעהלען? איך האָב מורא, אַז איהר זענט נישט קיין גלעזערנער...

און אַז סע מאַכט זיך אפילו אַמאָל, אַז צוויי יודען צעאַמפּערן זיך שוין גאָר איבּער איין אָרט אין וואַגאָן, הויבּען זיי אָן שיטען איינס

אויפ׳ס אַנדערע מיט ליצנות און שטעכווערטלעך:

— זייט-זשע מוחל, פעטער, דאָס איז מיין אָרט.

— טאַקי באמת? מיט וואָס איז דאָס אייער אָרט, למשל?

— ווייל דאָ בין איך געזעסען.

— וואָס-זשע, איהר האָט דאָ שבת געהאַלטען? צי עס שטעהט אויפגעשריבען אויף דעם אָרט: „זה המקום שייך״?...

און דער זיצענדיגער פאַרשוין פוילט זיך נישט, הויבט זיך אויף און זוכט אויפ׳ן אָרט די אויפשריפט: „זה המקום שייך״. ווערט צווישען עולם אַ געלעכטער, פערדריסט דאָס דעם שטעהענדיגען פאַרשוין און ער רופט זיך אָן צום זיצענדיגען:

— איהר זענט, דאַכט מיר, שוין אַ ביסעל צו דאָסיג.

— צו וואָסיג? פרעגט איהם דער זיצענדיגער, און דאָס געלעכטער צווישען עולם וואַקסט. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מע גיט זיך איין עצה: מע ענגט זיך אַ ביסעל, מע רוקט זיך צענויף און מע מאַכט איין אָרט פאַר׳ן שטעהענדיגען. ממה-נפשך, עס זיצען, קיין עין-הרע, אַזוי פיעל יודען, וועט זיצען נאָך איינער... און די דאָזיגע צוויי, וואָס האָבען זיך נאַר-וואָס געווערטעלט, בלאָזען זיך נאָך אַ קליינע ווייַלע, נאָכדעם נעמט מען זיך צו די זייגערס: וואו האַלט ביי אייך דער זייגער? אָדער מע קוקט אין פענסטער ביידע: ווייסט איהר נישט, ווי אַזוי הייסט די סטאַנציע? — און מע מאַכט אַ שמועס פון סטאַנציעס און פון באַהנען און פון געשעפט — און עס געהט אַוועק, ווי אַ מזמור. דער פרישער פאַרשוין, וואָס קומט אַריין און טרעפט די צוויי, מיינט ער, אַז דאָס זענען אָדער צוויי שותפים, אָדער קרובים, אָדער מחותנים, אָדער אַזוי גוטע פריינד פון איין שטאָדט...

לאָזען חכמים זיך וויצלען, וויפיעל זיי ווילען. לאָזען זיי צוטראַכטען אַזעלכע שפריכווערטלעך, ווי, למשל: „זיצען זאָל מען צווישען גוים, ליגען — צווישען יודען״, „מיט אַ יודען איז גוט נאָר קוגעל עסען״, וכדומה. איך געה מיר מיט מיין גאַנג, אַז יודען, און נאָך כתריליעווקער דערצו, פיהלען זיך צווישען איינענע אַ סך בעסער און אַ סך היימישער, ווי צווישען פרעמדע.

---

# קאַפּיטעל ט.

## „אַ יוד וואָס קאַטאָרי".

דער מענש, וואָס איז ווי אַראָבגעפאַלען פונ'ם הימעל און האָט אַריבערגעפּעקעלט אונזערע דעלעגאַטען אַהער פון יענעם וואַגאָן, איז געווען איינער פון יענע זעלטענע פאַרשוינען, וואָס מע קאָן זיי זעהען נאָר אונטערוועגענס. אַז איהר בעגעגענט זיך מיט זיי, ווערט איהר באַלד חבר, אויסגעבונדען, גלייך ווי איהר זענט שוין מיט זיי בע־קענט פון כמה וכמה יאָהרען. ווער ער איז, — ווייסט איהר נישט. וואָס ער איז — ווייסט איהר אויך נישט. עס איז רעכט צו זאָגען, אַז ער איז אַ יוד אַ קרעמער, און עס איז רעכט צו זאָגען, אַז ער איז אַ מעקלער פון דער בערזע. נאָר גיכער פון אַלץ איז ער גאָר אַ שניידער, אַ חשוב ביי נאַטשאַלסטווע און דרעהט זיך ביי „פּראַוואָזשי־טעלסטווע"...

אַליין איז ער אַ מענש פון מיטעלמעסיגען וואוקס און מיטעל־מעסיגען שטאַנד, אַ שוואַרצער מיט אַ גלאַנץ פון אַרמענישען טיפּ, מיט אַ קליין בערדעל, מיט קליינע שוואַרצע אומרוהיגע אויגען, מיט'ן קאַ־פּעליושעל אַהינטער — אַ ריהרעוודיגער, אַ לעבעדיגער פאַרשוין, וואָס קאָן נישט זיצען אויף איין אָרט, מוז עפּים טאָן, ערגיץ געהן, מיט עמיצען רעדען. און איבערהויפּט — רעדען. רעדען — דאָס איז זיין וועלט. געפינט זיך אין וואַגאָן אַ יוד — איז אודאי גוט. אלא נישט — איז אַ גוי, אַ סאָלדאַט, אַ פּריצה, אַ גלח. פאַר נויט איז גוט אַ קאָנ־דוקטאָר, איין אויוועגהייצער, אַ רעדער־שמירער, אַ שוואַרציאָהר, אַבי אינ'ם געשטאַלט פון אַ מענשען. און אַ כח האָט ער: ווער ס'זאָל נישט זיין — מוז ביי איהם ווערען רעדעוודיג. סיידען אַ געבוירענער אַ שטומער. מחמת ער ווייסט, פערשטעהט איהר מיך, פון וואָס און ווי אַזוי מיט וועמען אָנהויבען צו רעדען. און רעדען וועט ער מיט אייך פון וואָס איהר ווילט. כמעט קאָן מען זאָגען, אַז ס'איז נישטאָ אַזאַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל נישט וויסען, און נישטאָ אַזאַ מענש אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל איהם נישט קענען. מיט אַזעלכע איז אַ פערגניגען צו זיצען אין איין וואַגאָן. דערצו איז ער גלאַט אַ גוטער מענש. איין אָפּענהערציגער און זעהר אַ צוגעלאָזטער. ער מעג אייך זעהען דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען, איז ער גרייט צוליעב

אײַך פונדעסטוועגען געהן, וואוהין איהר ווילט: אפשר ווילט איהר צו דער קאַסע נאָך אַ בילעט? אָדער העלפען אײַך צונויפפאַקען די זאַכען? מיט׳ן גרעסטען כבוד, ער וועט אַרײַנקוקען דערווײַל צו אײַך אין פע-קעל אַרײַן, אָבשאַצען, וואָס איז ווערט אײַער טשעמאָדאַנדעל, אָדער אײַער פעלץ, אָדער אײַער זײגער, אויסרעכענען אײַך פּינקטליך, אין וואָסער שעה און וויפיעל מינוט איהר דאַרפט קומען אַהײם, און וואָס וועט אײַך קאָסטען דער באַגאַזש, און געבען אײַך אײַן עצה, ווי אַזוי אויף וואָסער וועג איהר זאָלט פאָהרען און וואו איהר זאָלט זיך אָב-שטעלען. בשעת-מעשה וועט ער אײַך האַלטען בײַ אַ קנעפעל, אָדער בויערן אײַך מיט׳ן פינגער אַ לעכיל, און דאָס קאַפעלישעל האַלט שוין בײַ איהם ווײַט, און די בעקלעך פלאַמען, און די אויגען ברענען, גלײַך ווי ער טוט זעהר אַ נויטיגע זאַך, מיט אײַן וואָרט — דאָס איז געוועזען אַזאַ מין פאַרשוין, וואָס בײַ אונז רופט מען איהם: „אַ מענש וואָס קאַטאָרי״.

פאַר אונזערע כתריל׳עווקער פאַסאַזשירען איז דער דאָזיגער „יוד וואָס קאַטאָרי״ געוועזען, קאָן מען זאָגען, אַ אָאַזיס אין דער מדבר, אַ געזונד אין בויך, אַ זאַלץ אין די בײנער. אַ קלײניגקײט — זײער מיט-יאָן, וואָס זײ האָבען זיך אויף זיך געהאַט! דאָס ערשטע מאָל אין אַ פרעמדען אָרט, אין אַזאַ גרויסער שטאָדט, וואָס זײער באָבעס באָבע איז דאָרט קײנמאָל נישט געוועזען אין חלום אפילו! מע ווײסט נישט, וואו אַ טהיר עפענט זיך, און מע פאָהרט מכח אַזאַ ענין, אַזאַ הײ-ליגע זאַך!...

אויך דער פאַרשוין האָט זיך מחיה געוועזען מיט זײ, ממש דער-קוויקט זיך. געוואָהר געוואָרען, וואוהין, צו וועמען און צוליעב וואָס זײ פאָהרען, האָט ער זײ בעשאָטען מיט עצות, ווי אַזוי זײ זאָלען זיך נוהג זײַן פון דער ערשטער מינוט, וואָס זײ וועלען אָנקומען אויפ׳ן וואָגזאַל, ביז זײ וועלען זיך צושלאָגען צום פונקט, וואָס זײ בעדאַר-פען. און די כתריל׳עווקער אויסדערוועהלטע האָבען איהם געקוקט אין מויל אַרײַן, געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און געשלונגען איטליכס וואָרט זײַנס.

— איהר פאָהרט, מײַנע ליעבע יודען, — האָט ער אײַנגע-טענה׳ט מיט זײ געטרײַ, ווי אַ פאָטער, געשמײכעלט און געגלעט זיך דאָס בערדעל, — איהר פאָהרט, מײַנע ליעבע יודען, וועגען זעהר אַ וויכטיגען עסק, מע קאָן זאָגען, אַ הײליגע זאַך, הלואי איהר זאָלט

נאָר מצליח זײַן, און איִהר וועט, אם ירצה השם, געוויִס מצליח זײַן. איךְ בּיִן זיִכער, אַזוי וויִ מיִר האָבּען הײַנט יום גיִמל אויף דער גאַנצער וועלט. דער עיקר, איִהר זאָלט וויִסען, וואו אײַן און וואו אויס. די שטאָדט איִז אַ גרויסע און אַ צעוואָרפּענע. אַ גוי'עשע שטאָדט, פערשטעהט איִךְ מיִךְ. נאָר יודען זענען קײַן עין-הרע פאַרהאַן, און דוקא רײַכע יודען. דאָס הײַסט, ס'איִז פאַרהאַן קבּצנים אויךְ גענוג, אפשר מעהר קבּצנים וויִ נגידים. נאָר צו די קבּצנים דאַרפט איִהר דאָךְ ניִשט האָבּען. קבּצנים, זאָגט איִהר, האָט איִהר אַלײן. עצתי, אַז געהן זאָלט איִהר נאָר צו די גרויסע, צו די סאַמע גדולים. ווער זענען בּײַ אונז די סאַמע גדולים — וויִלט איִהר וויִסען? נעמט, זײַט מוחל, אַ שטיִקעל פּאַפּיִר מיִט אַ בּלײַפעדער און פערשרײַבּט, וועל איִךְ אײַךְ זאָגען אַקוראַט מיִט די אַדרעססיִם און מיִט'ן יחוס פון איִטליִכען בּעזונדער. איִךְ קען זײ, פערשטעהט איִךְ מיִךְ, אויסגעבּונדען. גדולים זענען זײ און וואָלטען וועלען אַריִבּערשטײַגען, אַריִבּערשפּריִנגען, אײַנשליִנגען אײנס דאָס אַנדערע מיִט די בּײנער, זײ זאָלען נאָר קאָנען. און אַלע רײַסען זײ זיִךְ אַרויף, אַרויף, טאַנצען נאָךְ גאָר דעם גרויסען, דעם אמת'ען גדול, דעם ליִיִבּ צוויִשען די חיות... איִךְ זעה נאָךְ אײַערע פּנים'ער, אַז איִהר ווײסט שוין, וועמען איִךְ מײן... אַזוי איִז טאַקי דער נאָמען זײַנער. און כּשמו כּן הוא... ער איִז טאַקי אַ לײבּ. אַ קעניִג איִז ער, אַ גביר, אַ גרויסער גביר, אַן'אדיר, אַ מיִליאָנער. איִהר וויִלט וויִסען, וויִפיִעל ער פערמאָגט? פרעגט גאָר ניִשט.

וויִפיִעל איִהר זאָלט אײַךְ ניִשט פאָרשטעלען, פערמאָגט ער צווײ מאָל, דרײַ מאָל, צעהן מאָל אַזוי פיִעל. ס'איִז רעכט צו זאָגען — פופציִג מיִליאָן, און ס'איִז רעכט צו זאָגען — זיִבּעציִג. און אַז איִהר וועט מיִךְ שטאַרק בּעטען, איִז אפשר טאַקי אַלע הונדערט. אַהיִן דאַרפט איִהר זיִךְ דערשלאָגען שוין צום סוף, אַז איִהר וועט פאַרטיִג ווערען מיִט אַלע איִבּעריִגע גדולים. ווײַל איִהר וויִלט דאָךְ מסתמא, אַ גראָבּס, אַ מנה יפה. און וויִבּאַלד אַ מנה יפה, איִז נאָר בּײַ איִהם. וואָרום וועט איִהר איִהם טרעפען איִן דער גוטער מיִנוט — איִז ניִשט שייךְ צו זאָגען. בּײַ איִהם געבּען אַ נדבה אַ טויזענד, און פופציִג טויזענד, און הונדערט טויזענד — איִז טפו! אָדער שאַ! ווײסט איִהר גאָר וואָס? איִךְ וועל אײַךְ געבּען אַ בּעסערע עצה.

דאָס האָט זיִךְ דער „יוד, וואָס קאַטאָריִ" פערטיִעפט איִן מחשבות, נאָכדעם האָט ער זיִךְ אָנגענומען בּײַם בּערדיִל און אָנ-

גערופען זיך, ווי אַ מענש, וואָס איז געפאַלען אויף זעהר אַ גליקלי־
כע אידעע:

— הערט־זשע אויס, מײַנע ליעבע יודען, וואָס איך וועל אײַך
זאָגען. בײַ אײַך איז, זאָגט איהר, איז אָבגעברענט געוואָרען דאָס
גאַנצע שטעדטיל? דאַרפט איהר דאָך געהילף אויף בויען הײַזער?
האָט ער אַ וואַלד, טאַקי נישט ווײַט פון אײַערע מקומות, אָבער אַ
וואַלד, ווי זאָגט איהר, מיט בוימער! וואָס פאַר אַ ווערדע האָט בײַ
אַזאַ מיליאָנער אײַנטונקען די פען און אַוועקשרײַבען אַ קוויטעל אין
וואַלד אַרײַן: „אבקש ליתן על חשבוני?“

און דער „יוד וואָס קאַטאָרי“ טוט אַ מאַך מיט דער האַנד אין
דער לופטען, ווי דער גביר מיט דער פען, און אונזערע כתרילעווקער
אויסדערוועהלטע געבען זיך בײַ די ווערטער אַ הויב הויף, און טרע־
רען האָבען זיך אַזש געשטעלט בײַ זיי אין די אויגען. נאָר דאָ האָט זיי
דער „יוד וואָס קאַטאָרי“ אַ ביסעל אַראָבגעוואָרפען. ער האָט, אַ פנים,
פערשטאַנען, אַז ער האָט זיי אַרײַנגעגעבען אַ ביסעל צופיעל האָפנונג,
האָט ער זיך אַ גלעט געגעבען דאָס בערדעל און אַ זאָג געטאָן
צו זיי:

— איך דאַרף אײַך אָבער זאָגען, מײַנע ליעבע יודען, נאָך
זאַמאָל דאָס אײגענע: עס ווענדט זיך אָן דעם, אין וואָס פאַר אַ מי־
נוט איהר וועט איהם טרעפען... טאָמער, חלילה, טרעפט איהר איהם
אויף דער לינקער זײַט, בין איך אײַך נישט מקנא. ער איז אַ מענש,
וואָס אַלע קוקען איהם אין מויל אַרײַן, פערשטעהט איהר מיך, און
איז אַזוי גרויס, אַזוי תקיף, ווי זאָגט איהר: „מה יעשה הבן“... אודאי
וועט איהר זאָלט זײַן נישט קיין יודען — עהע־עה!

די כתרילעווקער אויסדערוועהלטע זענען בײַ די ווערטער גאָר
מבולבל געוואָרען. זיי האָבען נישט פערשטאַנען, וואָס מײנט דערמיט
אָט דער מענש: וואָס הײסט — ווען זיי זאָלען נישט זײַן קײן יודען?
וואָס דען זאָלען זיי זײַן — אַנדרוגוניסען?... דער „יוד וואָס קאַטאָרי“
האָט, אַ פנים, געזעהען, אַז זיי פערשטעהען איהם נישט, האָט ער
גענומען זיי מסביר זײַן:

— פערשטעהט איהר מיך, מײַנע ליעבע יודען, דער מענש
איז זעהר גרויס, זעהר תקיף און שטאַרק אָנגענומען צווישען קריסטען.
„גענעראַלער“ קומען צו איהם אין שטוב אַרײַן, זיצען מיט איהם אָט
אַזוי אָ, ווי איך מיט אײַך... נו, פערשטעהט זיך, אַז וויבאַלד קריס־

טעֶן זעֶנעֶן מיִט אַ יודעֶן אָט אַזוי אָ, וועֶט זיִך אַ יוד פּאַר זײַ מפקיר זײַן ...

מעֶ קאָן נישט זאָגעֶן, אַז דעֶר דאָזיִגעֶר פּירוש איִז געֶווען פּאַר אונזעֶרעֶ כּתריִלעֶווקעֶר לײַט איִנגאַנצעֶן פעֶרשטעֶנדליִך. זײַ האָבעֶן ניִשט אויפגעֶהעֶרט צו האַלטעֶן אָפּעֶן מויל און אויעֶרעֶן, און יעֶנעֶר האָט ניִשט אויפגעֶהעֶרט צו גלעֶטעֶן זיִך דאָס בּעֶרדעֶל און לויבעֶן איִן טאָג אַרײַן די סאַמעֶ גדולים, אויסגעֶרעֶכעֶנט זײַ אַ גאַנץ צעֶטעֶל פון „גרויסעֶ גדולים" און פון „קלײנעֶ גדולים׳לעֶך", און אַלעֶ מיִט די נעֶמעֶן און מיִט די גאַסעֶן און מיִט די נומעֶרן פון די הײַזעֶר, זיִך אָבגעֶשטעֶלט אַלעֶ מינוט המעט בּײַ יעֶדעֶן אײנציִגעֶן גדול מיִט אַ קורצעֶר נאָר אַ שאַרפעֶר כאַראַקטעֶריִסטיִק, וואָס פון דעֶם אַלײן וואָלט געֶקאָנט זײַן אַ בּעֶזונדעֶר בּוך, ווען דאָס זאָל זײַן בּײַ אונז דעֶר עיקר. נאָר אַזוי ווי דעֶר עיקר איִז דאָך די מעשה מיִט די כּתריִלעֶווקעֶר נשרפים, לאָזעֶן מיִר עֶס דורך פעֶרבּײַ און קעֶהרעֶן זיִך אום צוריִק צו אונזעֶרעֶ כּתריִלעֶווקעֶר דעֶלעֶגאַטעֶן איִן דעֶר גרויסעֶר ניִשט-יודיִשעֶר שטאָדט, וואו מיִר האָבעֶן זײַ איִבעֶרגעֶלאָזט סאַמעֶ איִן רעֶכטעֶן אָנהויב פון זײעֶר הײַליִגעֶר אַרבּײַט.

---

# קאַפּיטעֶל י.

## איִן עולָם התּוהו.

דעֶר עולם-התּוהו, ווי עֶס ווערט בּעֶשריִבּעֶן בּײַ אונז איִן די הײַליִגעֶ ספרים, — דאָס איִז געֶווען די גרויסעֶ שטאָדט מיִט איִהרעֶ „גדולים" פאַר אונזעֶרעֶ אויסדעֶרוועֶהלטעֶ פון כּתריִלעֶווקעֶ. די גאַנצעֶ קונץ פונ׳ם עולם-התּוהו בּעֶשטעֶהט איִן דעֶם, וואָס דעֶם מעֶנשעֶנס נשמה בּלאָנדזעֶט אַרום אויף דעֶר וועֶלט, איִז אויסעֶן איִן אַלעֶ וויִנקעֶלעֶך, זעֶהט און העֶרט און כיִהלט אַלסדיִנג, נאָר דעֶר גוף איִז דעֶרבּײַ ניִשט אויסעֶן. צוליִ מחמת גרויס אויפרעֶגונג פון די מעשיות, וואָס זײַ האָבעֶן זיִך אָנגעֶהעֶרט איִן וואַגאָן פונ׳ם „יודעֶן וואָס קאַטאָריִ", אָדעֶר אפשר ווײַל זײַ זעֶנעֶן דאָס עֶרשטעֶ מאָל אַרוים אויף דעֶר גרויסעֶר פרײַעֶר וועֶלט — דאָס איִז זיִכעֶר, אַז זײַ זעֶנעֶן ניִשט געֶווען בּהאי עלמא. דאָס הײַסט, די נשמה האָט זיִך בּײַ זײַ אַרומגעֶבּאָמבּעֶלט דאָ,

צווישען די „גדולים", נאָר דער גוף איז געווען ערגיץ ווייס איך וואו, ווייט פון דאַנען.

פון דער ערשטער מינוט איז זיי געגאַנגען נישט כשורה, יעדען-פאַלס — נישט אַזוי, ווי זיי האָבען זיך פאַרגעשטעלט. געגאַנגען זענען זיי דוקא מיט אַ סדר, מיט אַ סיסטעם, לויט ווי יענער פאַרשוין מיט די ברענענדיגע אויגלעך האָט זיי געלערנט און לויט די נומערן פון די הייזער מיט די נעמען פון די גאַסען, וואָס יענער האָט אויפגעגעבען. פריהער האָבען זיי אָנגעקלונגען צו די „קלענערע גדולים", הערנאָך צו די „גרעסערע גדולים" און געשטיגען וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער. מע קאָן נישט זאָגען, אַז זיי האָבען נישט מצליח געווען. נדבות זענען דוקא אײַנגעגאַנגען. אָדער, ווי זיי האָבען זיך נאָכדעם בעריהמט פאַר זייערע כתריל'עווקער: „אַ רעגען פון נדבות האָט געגאָסען אויף זייערע קעפּ". אויב עס האָט באמת געגאָסען אַ רעגען פון נדבות — דאָס ווייסען מיר נישט. איינס איז זיכער, אַז בײַ זיי אין דער היים זענען זיי צו אַזעלכע נתינות געווים נישט געוועהנט געווען און אַזעלכע מטבעות, ווי מע האָט זיי דאָ דערלאַנגט, האָבען זיי געזעהען דאָרטען סײַדען אין חלום, איז דאָס — נישט אַלע מאָל... נישט מעהר, וואָס האָט זיי געקוועטשט? זיי האָט געקוועטשט נאָר איין זאַך: עס האָט זיך זיי אויסגעוויזען, אַז זיי זענען נישט צווישען אײַגענע... ווי ווילד-פרעמדע, ווי גאַנץ ווײַטע האָט מען זיי אויפגענומען, אָבגעגעבען זייערס און — האָט קיין פּאַראיבעל נישט.

אַנדערע האָבען אפילו נישט געוואָלט אָנקוקען זייערע פּנים'ער, אַרויסגעשיקט זיי זייער נדבה נאָך איידער זיי האָבען אַריבערגעטראָטען די שוועל. אַנדערע זענען נאָך געווען בײַז אויך, נישט געלאָזט זיך אויסרעדען איין איבעריג וואָרט: „אָבגעברענט געוואָרען? געהערט אַזעל-כע זאַכען, איהר זענט נישט די איינציגע"...

עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבען אָנגעשריגען אויף זיי, אָנגערופען מיט עפּיס זעהר מיאוסע נעמען: „פלעכטלעך", „פּאָגאָ-רעלציס", „שנאָרערס"... איינער אַ יונגערמאַן מיט אַ בלאַס פּנים, מיט אַ שפּיצעכיגער נאָז און מיט צוויי קליינע בערדלעך, צעקעמט רעכטס און לינקס, האָט זיך געהייסען ווייזען אַ בוך.

— וואָסער בוך?

— דאָס בוך, וואו עס ווערען בײַ אײַך פאַרשריבען די נדבות.

דאָ האָט זיך שוין אַרויסגעשטעלט דער זקן, רב יוזיפעל דער רב:

— די נדבות, וואָס ווערען געגעבען אויף אונזערע נשרפים, ווערען פערשריבען מיט אַזאַ כתב און מיט אַזאַ לשון, וואָס נישט איהר און נישט מיר וועלען דאָס קאָנען לייענען אפילו...

רב יוזיפעל האָט איצטיגס מאָל גערעדט פערשטעלט, אפילו מיט אַ בנעימות'דיג שמייכעלע, ווי אַלע מאָל, נאָר אין קול האָט זיך גע־לאָזט הערען אַ פערדראָס. רב יוזיפעל דעם רב איז נישט געגאַנגען אין דעם, וואָס מע איז זיי חושד בכשרים. ניין. איהם האָט געאַרט די קאַלטקייט, וואָס האָט זיי בעגעגענט אומעטום, אין יעדער יודישער שטוב פון די דאָזיגע „גדולים". רב יוזיפעל איז געוואוינט געוואָרען ביי זיך אין כתריליעווקע, אַז אַ יוד גיט אַ נדבה, עס מעג זיך זיין נאָר אַ פרוטה, לאָז זיין אפילו אַ האַלבע פרוטה, גיט ער זי מיט'ן גאַנצען האַרצען. וואָרום אַ חוץ, וואָס ער איז מחיה איין אָרימאַן, אַ חוץ, וואָס ער העלפט אַ נויטבעדערפטיגען, טוט ער אַ גוטע זאַך און פ ע ר־ד י ע נ ט אַ מ צ ו ה... רב יוזיפעל דעם רב האָט געוואונדערט, וואָס צווישען די אַלע גדולים האָט זיך נישט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל זיי אָבגעבען אַ יודישען, אַ פשוט'ען, אַ היימישען שלום-עליכם. קיין איינער האָט זיך נישט געפונען, וואָס זאָל זיך נאָכפרעגען אויף כתריליעוו־קע, וואָס זאָל חאָטש וועלען אויסהערען זייער אומגליק, זייער האַרץ, און האָבען זיי זיך נאָר געפרובט אָנהויבען רעדען, אויסרעדען זיך, דערצעהלען וועגען דעם גרויסען חורבן, וואָס זיי האָבען איבערגע־לעבט, אַזוי האָט מען געעפענט דאָס בייטעלע, ווי איינער רעדט: „נאַט אייך און געהט אייך געזונטערהייד"...

געוועהנט געוואָרען פון תמיד צו פערענטפערן יעדען איינציגען, האָט רב יוזיפעל געזוכט צו געפינען אַ זכות אויך אויף די דאָזיגע „גדולים".

— מענשען געפינען זיך אין אַזאַ עולם-התוהו! — האָט ער זיך געטראַכט און געגאַנגען מיט פעסטע טריט גאָרנישט נאָך זיינע יאָהרען, אַלץ ווייטער און ווייטער.

עס איז געוועזען שוין נישט פריה, ווען אונזערע דעלעגירטע פון כתריליעווקע זענען צוגעטרעטען צום סאַמע גרעסטען גדול, צום „לייב צווישען די חיות", ווי יענער מענש אין וואַגאָן האָט איהם אָנגערופען. און דאָ האָבען זיי זיך דערמאָנט אָן דעם, וואָס יענער מענש האָט זיי געגעבען אָנצוהערעניש אויף דעם „גדול", אַז ווען זיי זאָלען זיין נ י ש ט ק י י ן י ו ד ע ן — ע ה ע - ה ע ן...

דער דאָזיגער „עהע-הע" מיט דער קיהלקייט, וואָס זיי האָט בע-נעגענט אומעטום, אין יעדען הויז, האָט זיי געבראַכט דערצו, אַז זיי זאָלען ביסלעכווייז פערלירען זייער קוראַזש און מורא האָבען אָנצוקלינ-גען ביי אַזאַ גדול, וואָס רעכענט זיך פאַר „אַ לייב צווישען די חיות"... אַ היבשע ווײַלע איז מען געשטאַנען ביי דער טהיר און געדונגען זיך, צי מע זאָל טאַקי אָנקלינגען פשוט, ווי מע האָט אָנגעקלונגען אומע-טום, צי אפשר?...

— אפשר וואָס?

— גאָרנישט.

— וואָס זשע זאָגט איהר „אפשר"?

— ווער זאָגט דען „אפשר"?

— אַז איהר זאָגט נישט „אפשר", פאַרוואָס זאָלט איהר נישט אָנקלינגען?

— וואו שטעהט עס, אַז איך? פאַרוואָס נישט איהר?

— הויבט זיך אָן אַ מעשה מיט אַ יודען!

— שאַ, שאַ, קינדערלעך, לאָז זיין שטיל. — רופט זיך אָן רב יוזיפעל און טוט אַ ציה דאָס גלעקעל פון דער גריננ., קוים-קוים, אויף וויפיעל עס ערלויבען איהם זיינע אַכציג יאָהר.

---

# קאַפּיטעל יא.

## אין די הויכע פענסטער.

שטעהענדיג הינטען ביי דער טהיר ביים סאַמע גרעסטען פון די „גדולים", ביים סאַמע „לייב פון די חיות", האָבען אונזערע כתרילעווו-קער דעלעגאַטען געהאַט אַ געלעגענהייט אַ ביסעל צו פערנעמען זיך מיט חקירה וועגען די הויכע פענסטער: וואָס טוט זיך דאָרטען? אַ שטייגער, וואָס טוען די „גדולים" ביי זיך אין די אַפּאַרטאַמענטען אין דער צייט, ווען הינטען ביי דער טהיר שטעהען און וואַרטען „קליינע מענשעלעך" מיט זייערע קליינע עסקים, געשעפטען, בקשות, פּלאַנען און חלומות? אפשר זיצען זיי דאָרטען בעת-מעשה איבער זייערע גרוי-סע געשעפט-ביכער, ברעכען זיך די מחות און זאָגען אַזוי פערטיעפט,

אז זיי ווייסען גארנישט, וואס אונטען טוט זיך?... און אפשר זיצען זיי און קלערען, וואס זאלען זיי אויפטאן, מתקן זיין אויף דער וועלט מיט דעם כח פונ'ם גאלד, וואס דער אויבערשטער האט זיי בעגליקט צו־ליעב דער טובה פון זייער פאלק, אדער פון דער גאנצער מענשהייט? און אפשר זיצען זיי גלאט אזוי צונויפגעלעגט די הענד, טוען זיך אן כל תענוגי עולם הזה, עסען און טרינקען און שלאפען, ווי גאנץ גע־וועהנליכע מענשען?

צייט אויך צו חקירה'ן האבען אונזערע דעלעגאטען געהאט גענוג: אויף דעם שוואכען קלוגג פונ'ם אלטען רב יוזיפעל האט כמעט זיך נישט געהאפט זיי צו עפענען. זיי האבען געהאט צייט אויך אויף צו דורכ־שמועסען זיך וועגען דעם, ווי אזוי מע זאל זיך פארשטעלען פאר'ן „גדול שבגדולים" און ווער עס זאל מיט איהם רעדען. זעלבסטפער־שטענדליך, אז רעדען דארף מיט איהם דער רב. ווער דען? די פרא־גע איז נאר: פון וואס ער זאל אנהויבען? ווארום לויט ווי דער פאר־שוין אין וואגאן האט זיי אנגעשראקען, דארף מען וויסען, ווי מיט איהם צו האנדלען און וואס איהם צו זאגען. נישט אומזיסט שטעהט ביי אונז געשריבען: „החיים והמות ביד הלשון" — דער פשט איז: אז מיט איין ווארט קאן מען אמאל קאלי מאכען אזוי פיעל, וואס איהר וועט דערנאך נישט פעררוכטען מיט קיין צעהן טויזענד ווערטער.

און די דעות האבען זיך דא ביי זיי צעטיילט אויף צוויי כתות, צוויי לאגערען: רעכטע און לינקע. די רעכטע, די עלטערע פון די אויסדערוועהלטע, זענען געגאנגען מיט דעם רעכטען וועג. זיי האבען געדרונגען, אז מע קומט צו אזא גרויסען גביר, דארף מען קומען מיט תחנונים, אויסמאלען דעם חורבן פון כתרילעווקע מיט אלע פיטשעווקעס: „אט ערשט נישט לאנג געוועזען א שטאדט, ווי אלע שטעדט. האט זיך אויפגעהויבען אין מיטען דער נאכט א שטורם־ווינט מיט א פייער פון גאט און עס איז אוועק מיט'ן רויך די גאנצע שטאדט, אב־געמעקט געווארען כתרילעווקע פון דעם פנים פון דער ערד"... דער־ביי דארף מען נישט זשאלעווען קיין טרויעריגע פארבען, ווי אזוי נא־קעטע, בארוויסע, הונגעריגע ליגען אונטער גאט'ס הימעל און בעטען ברויט, לאזען א טרער און פארוואס טאקי נישט געבען קיין רעכטען וויין, ווי עס געהער צו זיין?... און די לינקע, יונגעלייט געוועהנט־ליך, האבען גע'טענה'ט פערקעהרט: וואס פאר א ווייגען פלוצים אין

מִיטעֶן דרִינעֶן? וואָס זעֶנעֶן מִיר, ווײַבעֶר? צִי אִיהר מײַינט, אַז דִי נגידים זעֶנעֶן זשעֶדנעֶ טרעֶרעֶן? זײַ דאַרף מעֶן נעֶמעֶן מִיט יוֹשר, מִיט געֶרעֶכטִיגקײַט. „היתכן?—דאַרף מעֶן זײַ פרעֶגעֶן.—אַז אִין דעֶר צײַט, וואָס דאָ וואַלגעֶרט זִיך גאָלד אִין דִי גאַסעֶן און מעֶנ-שעֶן טועֶן נִישט אַרײַן קײַן האַנד אִין קאַלט וואַסעֶר, געֶהט מעֶן דאָר-טעֶן אוֹיס פאַר אַ לעֶפעֶל געֶקעֶכטס—לעֶבעֶדִיגעֶ נפשות, אײַגעֶנעֶ ברִי-דעֶר, בלוּט און פלײַש?!“... „אַי-אַי! אַי-אַי!—האָבעֶן זִיך דִי רעֶכ-טעֶ אָנגעֶחאַפּט בײַם קאָפּ.—זײַ ווִילעֶן אונז אִיבעֶרקוילעֶן דעֶם האַלז אָהן אַ מעֶסעֶר! „אלה תולדות יונגעֶלײַט“...

אַ גלִיק, וואָס רב יוזִיפעֶל אִיז געֶוועֶן דעֶרבײַ, האָט עֶר זײַ גִיך אײַנגעֶשטִילט מִיט ווײַכעֶ רעֶד, ווִי זײַן שטײַגעֶר אִיז.

— קִינדעֶרלעֶך, — האָט עֶר צו זײַ געֶזאָגט, — אומזִיסט אײַעֶר קרִיעֶגעֶן זִיך, וואָס אִיהר קרִיעֶגט זִיך. וואָס קאָן אַ מעֶנש, אַ בשר-ודם מ'שטײַנס געֶזאָגט, ווִיסעֶן, וואָס עֶר וועֶט זאָגעֶן? און אַז בלעֶם הרשע, וואָס אִיז שוין געֶוועֶן אונטעֶרגעֶקויפט, און גאָר פאַרטִיג אויף צו שעֶלטעֶן דִי יודעֶן, נו, האָט עֶר זִיך דעֶן געֶרִיכט, אַז דעֶר וואָס לעֶבט אײַבִיג וועֶט אִיהם אִיבעֶרדרעֶהעֶן דִי ווערטעֶר מִיט'ן קאָפּ אַראָב? מִיר ווְעלעֶן אם ירצה השם, אִיהם נעֶהמעֶן נִישט מִיט תחנונים און נִישט מִיט סטִירדעֶס, נאָר מִיט אַ משל. אַז גאָט וועֶט הײַסעֶן, וועֶל אִיך אִיהם דעֶרצעֶהלעֶן אַ משל מִיט אַ מלך, וואָס האָט זִיך צעֶבײַזעֶ־ט אויף זײַנעֶ אײַגעֶנעֶ קנעֶכט און האָט פעֶרברעֶנט זײַן אײַגעֶנעֶם פאַלאַץ...

אַ שאָד. אַזאַ שעֶנעֶר משל און אִיז געֶבלִיבעֶן אִין מִיטעֶן אִיבעֶר אַ סיבה, וואָס נִישט רב יוזִיפעֶל און נִישט דִי אִיבעֶרִיגעֶ אויסדעֶר-וועֶהלטעֶ זעֶנעֶן געֶוועֶן אִין דעֶם שולדִיג. שולדִיג אִיז געֶוועֶן אִין דעֶם גאָר אַ זײַטִיגעֶר פאַרשוין. דאָס אִיז געֶוועֶן דעֶר אָנגעֶוואָפּעֶנטעֶר נפש, וואָס אִיז דעֶרמאָנט בײַ אונז אִין אָנהויב בעֶשרײַבונג. אַ סברה, אַז דעֶר דאָזִיגעֶר יון, וואָס אִיז געֶשטעֶלט געֶוואָרעֶן אַכטונג צו געֶבעֶן אויף דעֶר גאַס, האָט דִי גאַנצעֶ צײַט געֶהאַלטעֶן אונזעֶרעֶ כתרילעֶווקעֶר לײַט אויפ'ן אויג. אִיהם אִיז דִי גאַנצעֶ קאָמפּאַניעֶ נִישט געֶפעֶלעֶן געֶוואָרעֶן מִיט זײַעֶר געֶהן פון שטוּב צו שטוּב, מִיט זײַעֶר פעֶררײַסעֶן דִי קעֶפּ און קוקעֶן אויף דִי נומעֶרן פון דִי הײַזעֶר און מִיט זײַעֶר אַלעֶמאָל אָבּ-שטעֶלעֶן זִיך אִיבעֶרשמועֶסעֶן זִיך אויף אַ קול אַלעֶ אִינאײַנעֶם, ווִי דִי געֶנז: געֶר-געֶר-געֶר! דאָ, בײַ זײַעֶר לעֶצטעֶן אָבשטעֶל און אויס'טענה'ן זִיך, האָט עֶר שוין מעֶהר נִישט געֶקאָנט אַרִיבעֶרטראָגעֶן און עֶר האָט

זיך ווידער אַמאָל געלאָזט גלײַך אויף זײ — דאָס מאָל שוין מיט מעהר פרישקײַט און מיט מעהר אימפּעט.

דערזעהען פֿאַר זיך דעם שונא אַזוי נאָהענט און דערפיהלט אַ סכנה, זענען אונזערע דעלעגאַטען פערשטאָרבען געוואָרען, און ס'איז נעבליבען בהסכם כולם, אַז מען דאַרף זיך ראַטעווען, מאַכען פּליטה. וואוהין? צוריק — הײסט געהן גלײַך אויף איהם. האָבען זײ גענומען קלינגען אַלע מיט אַמאָל אין דער טהיר אַרײַן, גוט קלינגען, מיט אַלע כחות, און גאָט האָט געהאָלפען — די טהיר האָט זיך טאַקי עפּים ווי על־פּי־נס געגעבען אײַן עפען אויף, און עס האָט זיך בעוויזען אַ פּאַרשוין מיט אַ רויט אויסגעהאָרעוועט פּנים, מיט אויסגעשניטענע פּאָ־לעס און מיט ווײַסע הענטשקעס אויף די הענד. אַרויסגעלאָפען איז דער פּאַרשוין מלא רציחה, געמאַכט מיט די הענד, געשריגען און גע־שאָלטען און געאַרבײַט אַזוי, גלײַך ווי דאָס וואָלטען זײַן ווילדע מענ־שען, אָדער גזלנים, חוליגאַנעס, וואָס האָבען געוואָלט מאַכען אײַן אָנפאַל אין מיטען העלען טאָג אויף זײַן בעל־הבית'ס שטוב.

דערזעהען פֿאַר זיך „אײַן אָפענע טהיר", האָבען זיך די כתרילעוו־חוליגאַנעס געגעבען אַלע אינאײַנעם אַ שפּאַר אַרײַן. האָט זײ אָבער דער פּאַרשוין מיט'ן אויסגעהאָרעוועט פּנים מיט די ווײַסע הענטשקעס געגעבען מיט'ן גאַנצען כח אַ שפּאַר אַרויס צוריק. און אין דער מינוט איז אונטערגעקומען דער יון מיט'ן שווערד, געגעבען אַ שטאַרקען פּײַף און ס'איז אויסגעוואַקסען, ווי פון אונטער דער ערד נאָך אַ יון, אויך אײַן אָנגעוואָפּענטער פון קאָפּ ביז פיס.

אומזיסט האָבען זיך אונזערע כתרילעווקער אויסדערוועהלטע גע־בעטען בײַם פּאַרשוין מיט די ווײַסע הענטשקעס, ער זאָל אַרײַנלאָזען אינעווייניג, חאָטש פון פאָרענט, חאָטש אין קיך אַרײַן. אומזיסט האָ־בען זײ פערריסען די אויגען אַרויף, אַרײַנגעקוקט אין די הויכע פענס־טער אַרײַן, טאָמער וועט דער אויבערשטער טאָן אַ נס (ער, אַז ער וויל, קאָן ער!) טאָמער וועט דער גביר אַלײן, אָדער עמיצער פון זײַן הויזגעזינד, דערזעהען יודען זענען אין אַ סכנה, וועט מען אַרויסגעבען אַ בעפעהל פון אויבען, מען זאָל זײ נישט אָנריהרען...

האָט אָבער אויף זײער מזל אַקוראַט קײנער פון די הויכע פענס־טער נישט אַראָבגעקוקט, און אונזערע דעלעגירטע, די פאַרנעמסטע בעלי־בתים פון כתרילעווקע מיט'ן רב רב יוזיפעל בראש, זענען אָב־געפיהרט געוואָרען מיט גרויס כבוד אין אַזאַ מקום אַרײַן, וואָס קײן

דירה-געלד קאָסט נישט און אַלע זענען דאָרט גלײַכע מיוחסים: אפילו יודען, און אפילו כתרילעווקער יודען, קאָנען זיך דאָרטען זיצען און זיצען, אַבי יאָהרען.

---

## קאַפּיטעל יב.

### דער נס.

דער וואָס מײנט, אַז הײַנטיגע צײַטען טרעפען זיך שוין גאָר קײן נסים נישט — דער האָט אַ טעות. אמת, אַ נס טרעפט זיך הײַנט זעלטען, זעהר זעלטען, אָבער עס טרעפט. דעם בעסטען בעווײַז האָבען מיר — אונזערע כתרילעווקער געפאַנגענע.

די לעזער מעגען זיך מײנען, אַז, ווי יעדער מחבר, זענען מיר מסתמא מגזם און טראַכטען אויס אַזעלכע זאַכען, וואָס נישט געשטויגען, נישט געפלויגען. מיר פערזיכערן אָבער, אַז דאָס, וואָס מיר דערצעהלען דאָ, איז לויטער אמת. פּונקט אין דעם מאָמענט, וואָס האָט זיך געטראָפען דער אויבענבעשריבענער פאַל מיט די כתרילעווקער דעלעגאַטען בײַ דער טהיר פון'ם גדול, פון'ם „לײַב צווישען די חיות", פּונקט אין דער מינוט, ווען זײ זענען געשטאַנען אין אײן ציטערניש און געקוקט אַרויף-צו אין די הויכע פענסטער, און געטראַכט זיך יעדער בײַ זיך אין האַרצען: „מאין יבוא עזרי — פון וואַנען וועט קומען די הילף, פון גאָט, צי פון אַ מענשען?" — פּונקט אין דער צײַט האָט בעדאַרפט געהן פאַרבײַ אונזער בעקאַנטער פּאַרשוין פון וואַגאָן, „דער יוד וואָס קאַטאָרי".

געגאַנגען איז ער זיך וועגען זײַנע אײגענע געשעפטען, און גיך, ווי זײַן שטײגער איז, מיט'ן קאַפּעלישעל אַהינטער, ווײַזט אויס, פערטראַכט. דערזעהען זײַנע בעקאַנטע יודען אַרומגערינגעלטע מיט סאָלדאַטען, איז ער שטעהן געבליבען. ער האָט באַלד אָנגעשמעקט מיט זײַן נאָז, וואָס דאָ טוט זיך, און איז גרײט געווען די רגע אַרײַנשפּרינגען אין מיטען און אויפהויבען אַ סקאַנדאַל, זײ מאַכען אַ וויסטען סוף: „פאַר וואָס? פאַר ווען? גאָט די נשמה?"...

נאָכדעם האָט ער זיך אָבער מיישב געווען: אפשר נײן? ער קען זיך זעהר גוט. אַ היציגער מענש. מי יודע וואָס פאַר אַ ווערטער עס

קאָנען זיך אַרויסרײַסען בײַ איהם פון מויל... ער האָט זיך געטראַכט, אַז מיט תקיפות איז נישט גוט (ס'איז תמיד גלײַכער, אַז מע בע־טראַכט זיך), און ער האָט אַראָבגערוקט דאָס קאַפּעליושעל, זיך געגע־מען בײַם בערדעל, צוגעמאַכט אײַן אויג — אַ סימן, אַז דער מח אַרבײַט, — האָט זיך אויסגעקערעוועט צוריק און איז מיט די זעלבע גיכע טריט אַוועק, ווי אַ מענש, וואָס איז געפאַלען אויף אַ גלײַכע המצאה און האָט פעסט בעשלאָסען דורכצופיהרען די אידעע ביז'ן סוף.

וואוהין איז דער פאַרשוין אַוועק?

מיר ווײַסען נישט, וואוהין, נאָר מיר קאָנען רעכענען, אַז מסתמא האָט ער זיך געלאָזט געהן טאַקי אַהין, צום „לײַב פון די חיות", מחמת דעמזעלבען אויף דער נאַכט האָט דער טעלעפאָן אין די הויכע פענסטער אָנגעהויבען צו אַרבײַטען מיט סכנות־נפשות...

און אין דער פאָליציע האָט געקאָכט. פענעס האָבען געסקריפּעט. טינט האָט זיך געגאָסען. פּאַפּירען זענען אָנגעשריבען געוואָרען, און די געפאַנגענע, וועלכע זענען שוין גרײַט געווען צו געהן אַ לאַנגען וועג אַהײַם מיט'ן עטאַפּ, זענען פּלוצים אויפגעהאַפּט געוואָרען אין מי־טען בײַנאַכט, אַרויסגעצויגען געוואָרען פון דער פינסטערניש און אַרײַנ־געפיהרט געוואָרען אין אַ גרויס ליכטיגקײַט מיט אַזאַ אימפּעט, גלײַך ווי דאָס וואָלטען זײַן נישט כתרילעווקער קלײנע מענשעלעך, נאָר מי יודע ווער... אמת, מע האָט זײ קײַן שטוהלען נישט אונטערגעטראָגען, זעצען זיך נישט פאָרגעלעגט און פון מחילה שמועסט מען נישט. דער־פאַר האָט מען אָבער נישט געהערט, מע זאָל אויף זײ אָנשרײַען, חלילה, ברענגען פאַר'ן מויל דעם יודישען טיטול „זשיד" — אדרבה, פײַן, שטיל, נאָר זעהר בחפזון'דיג, געהאַפּט, טאַקי נאָר ווי יציאת מצרים, איז צוגעגאַנגען די בעפרײַאונג פון די כתרילעווקער חוליגאַ־נעס. די קלענערע שרײַבער און שרײַבערלעך האָבען זיך נישט גע־קאָנט זאַט בעוואונדערען, וואָס טוט זיך דאָ: „איבער אַזעלכע יודלאַ־קעס אַזאַ בהלה!"...

די ערשטע מינוט, אַז מע איז אַרײַנגעקומען צו אונזערע געפאַנ־גענע און געזאָגט, זײ זאָלען זיך מטריח זײַן אַרויף, האָבען זײ זיך איבערגעקוקט צווישען זיך און אָבגעזעגענט זיך שטילערהײַד, אָהן ווער־טער. וואָס ערוואַרט זײ דאָרטען, אויבען? — דאָס ווײַסט נאָר אײַן גאָט אין הימעל. הלואי, רבונו של עולם, זײ זאָלען אָבקומען נאָר מיט תפיסה אַלײַן. וואָרום וואָס איז הײַנטיגע צײַטען תפיסה, אַז תליה

איז אַ וואָכעדיִגער גאַנג?... דאָס איז אָבער נאָך ניִשט איִנגאַנצען: יעֶ-דער יוד האָט אַ ווייַב און קיִנדער, און אַז עֶס קומט צו אַ ווייַב מיִט קיִנדער זענען יודען (מיִר מוזען זיִך מודה זייַן) געפֶעהרליִכע עֶגאָ-איִסטען...

מיִט אויסגעֶרגעהאַקטע פּיִס און מיִט צעבראָכענע הערצער זענען גוּנזערע דעלעגאַטען אַרייַנגעבראַכט געוואָרען פאַר די, איִן וועמענס העֶנד עס איִז געלעגען איִצט זייער גורל. נאָר איינער איִז געגאַנגען פאָראויס מיִט פעסטע טריִט, ווי אַלע מאָל, חאָטש אפילו שטאַרק איינגעבויגען און אָנגעלעהנט אויפ'ן שטעקען.

דאָס איִז געווען דער אַלטער רב יוזיִפּעל.

— ווער איִז דאָ צווישען אייך דער „סאַמע ראַבּיִן“? — האָט מען זיי אַ פרעגע געגעבען האַלב ערנסט און האַלב ליצנות'דיִג.

— דאָס בּיִן איִך! — האָט אַ זאָג געגעבען רב יוזיִפּעל מיִט אַ מאָדנער שטאַרקייַט און איִז אַרויסגעטראָטען מיִט אַזאַ מסירת-נפש, גלייַך ווי ער וואָלט גענומען אויף זיִך דעם גאַנצען בּלבּול און וואָלט זייַן גרייַט די רגע געהן אויפ'ן עשאַפאָט פאַר זייַנע אַלע יודען.

שען, גרויסאַרטיִג שען איִז געווען איִן דער מיִנוט אָט דער אַכציִגיעהריִגער זקן. זייַן געל-געקנייטשט, דורכזיִכטיִג געלייטערט פנים האָט געלויכטען, גלייַך ווי די שכינה האָט אויף איִהם גערוהט. איִן זייַנע אַלטע אויגען האָט זיִך אָנגעצונדען אַ יונג פייַערל, נאָר די העֶנד האָבען איִהם געציִטערט און די אַקסלען האָבען זיִך געטרייסעלט. ער האָט געוואַרט, וואָס וועט מען איִהם זאָגען. ער איִז גרייט געווען אויס-צוהערען אַלסדיִנג, דאָס ערגסטע, וואָס בּייזע מענשען קאָנען נאָר צו-טראַכטען. וועמען הערט אָט דער אַלטער מיִט די אַכציִג יאָהר, וואָס היִנטער זייַנע פּלייצעס? ער האָט אַזש פערלעגט איין האַנד אַהיִנטער און געקוקט גלייַך איִן די אויגען אַרייַן מיִט אַ מין גדלות און מיִט איין עזות, וואָס די אויף טויט איִבערגעשראָקענע כתריִלעווקער אויסדער-וועהלטע האָבען עס קיינמאָל אויף זייער רבּי'ן ניִשט געזעהען.

דאָס איִז געווען אַ הויכע מיִנוט, וואָס האָט זיִך געצויגען לאַנג-לאַנג, אפשר אַ גאַנצע איִביִגקייַט.

— בּיִסט דו דאָס, הייסט עס, דער „סאַמע ראַבּיִן“? האָט מען איִהם נאָך אַמאָל אַ זאָג געגעבען מיִט'ן זעלבען האַלב ערנסטען, האַלב ליצנות'דיִגען טאָן, — נאַ, אָט האָסט דו דיר צוריִק דייַן געלד, וואָס איִהר האָט צענויפגעזשעברעט פאַר אייערע אָבגעבּרענטע יודעלעך, און

געמט אײך אײַערע לײַבסערדאַקעס (דאָס האָט מען געמײנט, אַ פּנים, די טלית־ותּפילינ׳ס) מיט די פּאַנטשאָכעס (און דאָס האָט מען געמײנט, אַ פּנים, זײערע בעריזהמטע זאָנטיקעס) און הײַדאַ גלײַך מיט דער באַהן צוריק אַהײם. ביז טאָג זאָל דאָ אײַער פוס נישט זײַן. מאַרש!

* *

*

געקומען אַהײם האָבן אונזערע אויסדערוועהלטע געהאַט גענוג צו דערצעהלען חדושים און נסים ונפלאות פון זײער נסיעה און די נסיונות, וואָס זײ זענען אויסגעשטאַנען צוליעב די נשרפים: ווי אַזוי מען איז געפאָהרען, און ווי אַזוי מען איז געקומען, און וואָס מען האָט געהערט, און וואָס מען האָט געזעהען, ווי אַזוי עס האָט זיך געגאָסען אויף זײ נדבות — אַ מבול פון נדבות (פריהער איז געווען אַ „רעגען", איצט איז שוין געווען אַ „מבול"), און ווי אַזוי מען האָט זײ געפאַנגען דאָרט, בײַ די הויכע פענסטער און אָבגעפיהרט אין גוטען „מקום", צוגענומען בײַ זײ די „קלינגערס" און אַרײַנגעזעצט אין חד־גדיא אַרײַן... און נאָכדעם — דער נס, ווי אַזוי דער אויבערשטער האָט בעוויזען, וואָס ער קאָן — מען האָט זײ בעפרײַט און אומגעקעהרט צוריק דאָס גאַנצע געלד ביז דער לעצטער פּרוטה. און נאָך מיט אַ יתר־שאת: אַז זײ זענען שוין געווען גרײט צו דער נסיעה צוריק אַהײם, האָט זײ אָנגעיאָגט אײנער אַ מענש מיט אַ הויכען קאַפּעליש און האָט זײ איבערגעגעבען גאָר איבעראַנײַעס אַ שענע מטבע, אַ היבשע „פּויטיקע" — אַ נדבה פאַר די כתרילעווקער נשרפים, טאַקי פון איהם אַלײן, פון דעם, וואָס יענער פאַרשוין האָס אָנגערופען מיט׳ן נאָמען: „דער לײב־צווישען די חיות" — הײַנט געהט זאָגט, אַז ס׳איז נישטאָ קײן גאָט אויף דער וועלט!

יאָ. די כתרילעווקער דעלעגאַטען האָבען געהאַט, וואָס צו דערצעהלען, און האָבען נאָך צו דערצעהלען און צו דערצעהלען. איך מײן, אַז סע וועט קלעקען אויף אַ גאַנצען ווינטער און אפשר וועט נאָך בלײַבען אַ ביסעל אויפ׳ן זומער.

נאָר אײן רב יוזיפעל האָט נישט דערצעהלט גאָרנישט. ער האָט אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער — און שאַ. ער האָט זיך פון דער נסיעה אומגעקעהרט זעהר מיעד און שוואַך און צובראָכען. נישט אַזוי-

צעבראָכען אין גוף, ווי אין נפש, אין דער נשמה... און דערצו איז ער געווען פערנומען, בעשעפטיגט טאקי מיט זיך אליין. ער האָט זיך, פערשטעהט איהר מיך, געגרייט צו איין אנדער נסיעה, ער האָט זיך געגרייט אין א ווייטען וועג אריין, — אין א וועג, פון וואנען קיינער איז נאָך ביז היינט צוריק נישט געקומען... מיינט נישט. אז א יוד ווי רב יוזיפעל — ער מעג זיך זיין א רב און א זקן און אריבער שמונים. איין מענש אליין. אָהן א קינד, אָהן א רינד, אָהן א שום פערמע-גען — נאָר קוים האלט מען ביי געזעגענען פון דער זינדיגער וועלט, איז פאראן, פאראן, וואָס צו טאָן...



